# די יוּד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואָך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.



אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאָהרליך —.3 רוביל;
פירטעל יאָהרליך 1.50 רו"כ.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

איינצעלנע נומערן 15 קאפ. —
30 העלער.



Krakau. 24 Januar 1901. נומר 4. קראקויא, שבט תרס"א.


## אינהאלט.



ה. תרס"א ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון חודש | וואָך | שבט יאנואר־סטיטשען | | נייער ס. יאנואר | אלט. ס יאנואר |
|---|---|---|---|---|---|
| ז' | זונטאג | | | 27 | 14 |
| ח' | מאנטאג | | | 28 | 15 |
| ט' | דינסטאג | | | 29 | 16 |
| י' | מיטוואך | | | 30 | 17 |
| י"א | דאנערש. | | | 31 | 18 |
| י"ב | פרייטאג | | *) פעבער | *1 | 19 |
| י"ג | שבת | שבת בשלח. | | 2 | 20 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| ז' | ה' תפ"ח | געשטארבען אין לאנדאן הר' דוד ניטו („כוזרי שני“), |
| ח' | ה'תע"ה | „ הר' בנימין שפירא פראגער רב. |
| „ | ה' תרלח | „ הנדיב ברון יוסף יוזיל גינצבורג. |
| ט' | ה' ש"צב | „ אין לעמבערג הגי ר' אברהם חיים שור. |
| „ | ה'תרכה | „ ירושלים הר' יוסף שווארץ (תבואות הארץ). |
| י' | ה' שר"ה | „ הגי ר' מאיר קאצענעלבויגען, מהר"ם מפאדוא. |
| „ | ה'ת"ק | האבען 300 רייבער בערויבט יודען אין קאווקאז. |
| י"א | ה' רמ"ו | פערברענט אין שפאניען פיעל אנוסים. |
| י"ב | ה'תרנ"ב | געשטארבען הג' ר' שרגא פייוויל סארנע. |
| י"ג | ה' תרמג | „ אין הוראדנא הג' ר' אליעזר לנדא. |

נאר וואס ארוים  פון דרוק

## יודישע פאלקס-ליעדער מיט נאטע׳

פון מ. מ. ווארשאווסקי

מיט א פארערע פון שלום-עליכם.

**פראכט-אויסגאבע.**

פרייז 1 רובל מיט פארטא.

ציוניסטען בעקומען 25% ראבאט · מוכרי-ספרים — נאך בעדינגונג.

צו בעקומען ביים פערפאסער לויט אדרעסע:

Въ Кіевъ, **М. Житомирская 18.** Присяжному Повѣренному **М. М. Варшавскому.**

---

Открыта подписка на 1901 годъ

**XII г.** • на журналъ **XII г.**

# „ВѢСТНИКЪ ВОСПИТАНІЯ"

Журналъ имѣетъ цѣлью распространеніе среди русскаго общества правильныхъ взглядовъ на воспитаніе и образованіе.

Съ 1901 года разрѣшено помѣщать въ журналѣ научно-популярныя статьи по естествознанію, психологіи, философіи, филологіи, обществовѣдѣнію, исторіи, исторіи литературы, а также по вопросамъ искусства.

Программа журнала: 1) Оригинальныя и переводныя статьи. II) Критика и библіографія. III) Рефераты и мелкія сообщенія. IV) Хроника. V) Приложенія: литературно-педагогическіе очерки, разсказы, воспоминанія и т. д. VI) Объявленія.

При настоящей редакціи въ журналѣ принимали участіе: д-ръ философіи В. Анри (Victor Henri), Н. Ф. Арепьевъ, Ю. И. Айхенвальдъ. А. Д. Альферовъ, приватъ-доц. Я. А. Боткинъ, Ю. А. Бунинъ. И. А. Бунинъ, И. П. Бѣлоконскій, Н. М. Бычковъ, приватъ - доц. В. А. Вагнеръ. В. П. Вахтеровъ, К. Н. Вентцель, Ю. А. Веселовскій, проф. Р. Ю. Випперъ, А. Ф. Гартвигъ, М. О. Гершензонъ, приватъ - доц. А. В. Горбуновъ, А. Е. Грузинскій, Е. С. Дрентельнъ, В. Е. Ермиловъ, Д. Н. Жбанковъ, Н. В. Закъ, С. В. Зенченко, Е. А. Звягинцевъ, Н. Н. Златовратскій, приватъ-доц. В. Н. Ивановскій, В. Е. Игнатьевъ, Н. А. Каблуковъ, В. В. Каллашъ, Е. Ловичъ, Е. І. Лозинскій, проф. И. Н. Миклашевскій, Н. Мировичъ, Н. Ф. Михайловъ Л. П. Никифоровъ, Е. С. Некрасова, М. К. Николаева, Ф. Ф. Ольденбургъ, В. П. Острогорскій, В. В. Петровъ, Н. И. Позняковъ, Г. А. Пузыревскій, Г. Роковъ, Н. А. Русскихъ, Л. М. Розенфельдъ, Д. Д. Семеновъ, А. С. Симоновичъ, А. М. Скабичевскій, Н. В. Сперанскій, К. М. Станюковичъ, приватъ-доц. Е. Д. Синицкій, Л. Д. Синицкій, В. С. Сѣрова. І. Тевсъ, Н. И. Тезяковъ Г. А. Фальборкъ, А. П. Флеровъ, А. Н. Филипповъ, проф. А. Ѳ. Фортунатовъ, А. С. Хахановъ, В. П. Хопровъ, В. И. Чарнолусскій, кн. Д. И. Шаховской, А. А. Штевенъ. Ф. А. Эрнъ, проф. Ф. Ф. Эрисманъ, В. Е. Якушкинъ, Е. Н. Янжулъ. акад. И. И. Янжулъ и многіе др.

Журналъ допущенъ Ученымъ Комитетомъ Минист. Нар. Просв. для фундаментальныхъ библіотекъ среднихъ учебныхъ заведеній, какъ мужскихъ, такъ и женскихъ.

Съ 1901 года журналъ будетъ выходить не 8 разъ, какъ это было раньше, а 9 разъ въ годъ (въ теченіе лѣтнихъ мѣсяцевъ журналъ не выходитъ); въ каждой книжкѣ журнала не менѣе 20 печатныхъ листовъ.

Подписная цѣна остается прежняя а именно: въ годъ безъ доставки 5 р. съ доставкой и пересылкой 6 р., въ полгода 3 р.; съ пересылкой за границу 7 р. 50 к.; для студентовъ и недостаточныхъ людей цѣна уменьшается на 1 р.

Подписка принимается: въ конторѣ редакціи *(Москва, Арбатъ, Стар. Конюшенный пер., д. Михайлова)* и во всѣхъ крупныхъ книжныхъ магазинахъ обѣихъ столицъ. Гг. иногородныхъ просятъ обращаться прямо въ редакцію.

**Редакторъ - издатель д-ръ Н. Ф. Михайловъ.**

---

## גילזען-מאשינען

די בעסטע ציגארעטען גילזען-מאשינען נייעסטער קאנסטרוקציאן, מיט אונד אהנע דרוק-אפפאראטען

בעקאמט מאן ביי:

M. BLÜTH, WARSCHAU

Panska str. 26.

---

פערזענליך, אויך דורך בריעף, ערקלער איך ווי צו מאכען 100 סארטען זאיך צו וועשע און טואלעטנע און פערשידענע העמישע מלאכות, אנטווארט נעגען א 7 קאפ. מארקע. אדרעס: Мыловарю Ханму Срулю Линецкому, г. Елисаветградъ.

---

## מיטעלען צום לעבען

איך לערען בריפליך אויך פערזענליך חעמישע ארטיקעלען וועלכע מיט יעדער פון זיי קען מען פיין עקזיסטירען, אויך דעגראס, טראנען, גלאנס-פיר גערבער א. ז. וו. פאדערט גאנץ וויניג קאפיטאל, געבען פראווא זיטעלסטווא זאגאר אין פטרבורג לויט א געוויזענע רעשעניע פון סענאט. אנטווארט געגען 7 ק׳ מארקע.

Варшава, Дѣльная. №18/10

И. Матузону.

---

**Парижская папиросная бумага**

# „Ле Дерніеръ Картушъ"

Требовать исключительно гильзъ а также папиросныхъ книжекъ изъ настоящей французской бумаги **„Ле Дерніеръ Картушъ"**

Бумажка эта признана Химичес. Лаборатр. Варшав. Импера тор. Университета САМОЮ ЛУЧШЕЮ.

Образцы бумажки разныхъ сортовъ высылаетъ безплатно.

**ТОРГОВЫЙ ДОМЪ**

**Д. ЗИЛБЕРЛЯСТЪ**

**въ ВАРШАВѢ**

**Граничная улица № 6.**

---

## פיר 3 רו"כ.

לערן איך בריעפליך און פערזענליך 1 ארטיקעל אחעמישען (וועלכער איז ניט גערעכענט אין פראספעקט פון מיינע חעמישע לעהרעס) זייער וויכטיג פיר אלע סארטען האנדלונגען, געזעלשאפטען, פאבריקען, פערשיעדענע פירמאס און פיר יערען איינצעלנעם בעזונדער, פאדערט קיין קאפיטאל און איינריכטונגען. ביי פערקויף פון 15 רו"כ די סחורה גאראנטיר איך אויף זיכערע 10 רו"כ פרנסה. ענערגישע פערקויפער קענען זייער פיעל פערקויפען. ערקלערונג נעגען א 7 קאפ. מארקע אויף אנטווארט. פערזענליך צו הויז פון 12—9 מארגענס און פון 8—4 אבענדס.

**Варшава Дѣльная 18.**
**И. МАТУЗОНУ.**

---

# זייט געזונד!

גיצליכע ביכער וועגען געזונד פארטהייען, פון דאקטאר גאטליעב.

1) די ערשטע הילף ביז דער דאקטאר קומט. פרייז 25 ק׳
2) שווינדזוכט, (סוכאטע) „ 25 ק׳
3) מאגען אונד געדערם־קראנקהייטען „ 40 ק׳
4) מענערקראנקהייטען (סעקרעטנע-ווענערישע) „ 40 ק׳

עס דרוקט זיך דאס 5) נערווענקראנקהייטען.

Книжный магазинъ и библіотека ВАРШАВА,
**А. ЦУКЕРМАНА**
Налевки 7. прежде 15.

---

נור פיר 7 רובל 50 קאפ׳

שיקע איך ארויס גאנגבארע סחורה וואס דער פרייז איז איבעראל ניט וועניגער ווי 12 ר׳, דערצו בעקומט יענער אויף זיין ארט די אגענטורא פון די סחורה מיט זייער גוטע קאנדיציעס. גענויע ערקלעהרונג געגען א 7 קאפ׳ מארקע אויף אנטווארט. כל הקודם זכה.

И. Матузонъ,
ВаршаваДѣльная 18.

---

## צוקערניע ש. שפיגעלגלאז

וואַרשא, נאלעווקי Nr. 10

(פארמאלס איגעלזאהן) וועלכע עקזיסטירט זייט 18 יאהר. פון דער צייט און זייט איך האב זי איבערגענומען אונטער מיינע אויפזיכט האב איך פיעל פערבעסערונגען איינגעארדענט. רייך, כשר, בילינ. בעשטעלונגען ווערען פינקטליך אויסגעפיהרט, היער און אויף דער פראווינץ. פיעלע דאנקען בריעפליך אויך מינדליך.

די צוקערניע בעזיצט 24 צייטונג צום לעזען.

---

## נור מיט עטליכע רובל:

קען יעדער מענש ביי זיך אויפ׳ן ארט א גוטע פרנסה איינפיהרען. אזוי ווי איך גיב צו ערקלערען דורך א בריעף נעגען א 7 קאפ׳ מארקע.

אדרעסירען:

Варщава, Я. Найдичъ.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 4

דער פרייז פיר רוססלאַנד:
גאַנץ-יאֱהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאָהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאָהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאַג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאָהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

Krakau, 24 Jänner 1901. נומר 4. קראָקויא, שבט תרס"א.

## יודישע ארימקייט.

אָרימקייט, זאָגט מען, קומט אָפּט פון פוילקייט, שכרות און אונפעהיגקייט. דאס אָבער איז אמת נור פאַר אַ איינצעלנעם מענשען און ניט פאַר גרויסע מאַסען; זייער עלענד און נויט קומען דורך פיעל טיעפערע סבות, וואָס זענען פעסט צוזאַמענגעוואַקסען מיט דער רייכקייט און בעשעפטיגונגען פון לאַנד. יעדעס לאַנד ברויכט צו יעדער צייט פאר איטליכע בעשעפטיגונג נור א געוויסע צאָהל מענשען, און אַלע מענשען, וואָס שטייגען איבער די נייטהיגע צאָהל, ווערען ווי איבריגע אָהן רחמנות ארויסגעוואָרפען און צוטראטען. דאָס ערקלערט אונז אויך אונזער יודישע אָרימקייט. מיר האָבען ליעב צו אַרבייטען און מיר קענען אויך אַרבייטען, מיר שכור'ען ניט, מיר לעבען מיט אַ חשבון, און דאָך איז ביי אונז די אָרימקייט פיעל גרעסער ווי ביי אַנדערע פעלקער נור דערפאַר, ווייל אונזער גאַנצע לאַגע היינגט אָב נור פון מסחר און האַנדווערק. זענענדיג אין רוסלאַנד צונויפגעקוועטשט נור אין עטליכע גובערניעס און פערנעהמענדיג זיך נור מיט די צוויי ארטען פרנסה, גיבען די רוסישע יודען אַ צו גרויסע צאָהל סוחרים און צו פיעל בעלי־מלאכות. סוחרים זענען דאָ מעהר, וויפיעל דער האַנדעל פון לאַנד פאָדערט און בעלי־מלאכות זענען דאָ מעהר, וויפיעל די בעדערפענישען פון דער בעפעלקערונג פערלאַנגען. די קאָנקורענץ אין האַנדעל פערקלענערט אומעטום די רוחים, זי נויט צו פיהרען ניט רעעלע געשעפטען און צווינגט צו בויען דאָס געשעפט נור אויף ריזיקא און ספעקולאציעס. די צו גרויסע צאָהל בעלי־מלאכות נויט צו לאָזען ביליג די ארבייט און די קליינע מקהים גיבען ניט די מעגליכקייט גוט צו אַרבייטען. דער יודישער ראיאָן איז דערום געוואָרען פאַר די יודישע איינוואהנער איין אָרט, וואו מען שטיקט איינער דעם אנדערען, וואו פון ענגשאַפט ווערט דאָס לעבען אַלץ שווערער און ערדריקענדער. ביים קלענסטען קריזיס פלאַצען די אויף זאמד אויפגעבויטע יודישע געשעפטען און טויזענדער בעלי־בתים פאַלען אַזוי, אַז זיי קענען שוין מעהר תחית־המתים ניט אויפשטעהן.

צו העלפען די רוסישע יודען אין זייער איצטיגער שלעכטער לאַגע זענען נור צוויי וועגען פאַרהאַן. דער ערשטער וועג איז די פערגרעסערונג פון ראיאָן, וואו יודען זאָלען מעגען וואָהנען. דורך דעם וואָלט פערקלענערט געוואָרען די צאָהל יורישע סוהרים אין טשערטא, די קאָנקורענץ וואלט קלענער געוואָרען און די לאַגע, פון די איבערגעבליבענע סוחרים וואָלט געקענט ווערען שטאַרקער און זיכערער. די, וואָס זענען דאָ איבריג, וואָלטען זיך געפונען אַ אַרבייטספעלד אין די נייע גובערניעס, וואו עס פעהלט די האַנדעלסקלאַס. די יודישע בעלי־מלאכות האָבען אפילו אויך איצט דאָס רעכט צו וואהנען אין גאַנץ רוסלאַנד, אָבער זייער רעכט קענען זיי דורך דעם שטרענגען קאָנטראָל נור זעלטען אויסנוצען. די פערגרעסערונג פון ראיאָן וואָלט ארויסגערופען א שטאַרקערע עמיגראַציאָן אויך צווישען די יודישע בעלי־מלאכות.

די רעגירונג האָט אָנגעהויבען איינצוזעהן די טרויעריגע לאַגע פון איהרע יודישע אונטערטהאַנען און זי הויבט אָן צו קומען צו דער ריכטיגער דעה, דאָס עס מוזען צובראַכען ווערען אָדער לכל־הפחות פונאַנדערגערוקט ווערען די ווענד, וואָס טהיילען אָב די גובערניעס פון דער טשערטא פון דעם איבריגען טהייל רוסלאַנד. נאָך פאַר א יאָהרען איז דורכגעגאַנגען דורך די בלעטער די ידיעה, דאָס די רעגירונג פערנעהמט זיך מיט דער שאלה, ווי צו פערגרעסערען דעם ראיאָן וואו יודען זאָלען מעגען וואָהנען. איצט הערען מיר, אַז דאָס מיניסטעריום רעכענט ניט צו דערווייטערען די „טשערטא", נאָר זי וויל די יודען געבען דאָס רעכט צו וואהנען אין די גרעסערע דערפער. מען זאָל אבער צו גלייכער צייט ניט דאַרפען פערענדערען די פריהערדיגע געזעצען, וויל מען די גרעסערע דערפער איבערמאַכען אין שטעדטליך, כדי דורך דעם אַליין זאָלען שוין ממילא די יודען קריגען מעהר ערטער צו וואָהנען.

דער וויכטיגסטער פונקט אין דעם פראָיעקט ליגט אין דעם, דאָס די רעגירונג האַלט פאר נייטהיג צו זוכען מיטלען ווי צו פערבעסערען די יודישע לאַגע און דאָס זי איז אויף דעם ריכטיגען וועג צו געפינען דאָס קרעפטיגסטע מיטעל — צו פערגרעסערען די ערטער וואו יודען זאָלען מעגען פריי וואהנען. וואלט מען נור מבטל געווען די טשערטא אָדער זי נור מבטל געווען אויף גרויסע טהיילען פון רוסלאַנד, וואָלט דורך דעם אליין שוין די יודישע לאַגע זעהר גיך פערבעסערט געוואָרען. נאָר דער איצטיגער פראָיעקט, אריינצוציהען נור די גרעסערע דערפער אין ראיאָן, קען אַ גרויסע פערענדערונג נישט ארויסרופען. מיר זעהען אומעטום אין אלע לענדער פון דער וועלט אַז די בעפעלקערונג נעהט פון די דערפער אין די שטעדט; די גרויסע שטעדט, זיי זענען דער מיטעלפונקט פון האַנדעל און פאבריקען,

וועלכע ציהען שטענדיג צו צו זיך נייע קרעפטען פון די דערפער. מיר זעהען אבער אין ערגיץ ניט, עס זאל זיין וואו עס איז א אומגעקעהרטע בעוועגונג פון די שטעדט אין דערפער, דערום קען די אויסברייטונג פון אונזערע רעכטע צו וואהנען אין די גרעסערע דערפער נור זיין א ערלייכטערונג פאר פיעל איינציגע מענשען, אבער די לאגע פון כלל וועט דורך דעם גאניץ וועניג פערענדערט ווערען. מיר קענען זיך נור פרעהען חאטש מיט דעם ביסעלע גוטס, וואס ווערט אונז געגעבען, האפענדיג אז דאס איז נור א אנהויב פון בעסערע טעג.

זעהענדיג אין דעם מבטל זיין פון דער טשערטא א קרעפטיגעס מיטעל, וואס העננט ניט אב פון אונז, מוזען מיר זוכען אנדערע מיטלען, וועלכע עס ליגען אין אונזערע הענד. און דא קומען מיר צום צווייטען וועג, וועלכער שטעהט פאר אונז אפען אין דער ארבייט, ווי זיך צו דערהויבען און בעפרייען פון דער דריקענדער ארימקייט. אזוי ווי אונזערע סוחרים האבען ניט די מעגליכקייט זיך צו פערנעהמען מיט האנדעל אין אלע רוסישע מדינות, מוזען מיר זעהן צו פערקלענערען די צאהל פון הענדלער צוציהענדיג טהיילען פון זיי צו נייע בעשעפטיגונגען. פון ערדארבייט קענען מיר אין רוסלאנד ניט רעדען. אמת, שטאדטישע ערד מעגען מיר קויפען, דורך די נייע דערפער, וועלכע וועלען מסתמא צוגערעכענט ווערען צו דער טשערטא, וועט געוויס ווידער פערגרעסערט ווערען די ערד, וואס יודען וועלען מעגען קויפען אדער דינגען, אבער מיר גלויבען ניט, עס זאל מעגליך זיין צו מאכען א גרויסע צאהל יודישע ערדארבייטער אין רוסלאנד. געוויס קענען ביי פיעל מיה געגרינדעט ווערען אין רוסלאנד נייע יודישע קאלאניעס, אבער קיין גרויסע בעדייטונג פאר דעם כלל וועלען זיי קיינמאל ניט קענען האבען. נאך עטליכע קאלאניעס, וואס קענען צוקומען קענען די אלגעמיינע לאגע ניט משנה זיין. עס בלייבט דערום צו שאפען פאר יודען א נייעס ארבייטספעלד און אזא פעלד קענען מיר געפינען נור אין פאבריקאציאן, וואס האלט אין רוסלאנד ערשט אין רעכטען וואקסען און בליהען. די פיעל ווינדמענשען און די אונגעהויער גרויסע צאהל פון קליינע קרעמערליך קענען ווערען א גוטעס מאטעריאל פאר פאבריקארבייטער. די פערגרעסערונג פון פאבריקאציאן וואלט מיט אמאל געגעבען ארבייט פיעל לעדיגע הענד און חיונה טויזענדער פאמיליעס. צוזאמען מיט דעם וואלט געווען זעהר נייטהיג אויסצובילדען אונטער יודען פערשיעדענע ארטען פון קלייןפאבריקאציאן, וואו גאנצע פאמיליעס וואלטען געקענט דורך ארבייט אין דעם היים זיך שאפען חיונה. רוסלאנד לעבט איצט איבער די צייט, ווען עס הויבט אן ביי איהר צו וואקסען א פאבריקאציאן און די יודען דארפען זיין צוגעגרייט צו די נייע פאדערונגען פון לעבען און צוצושטעהן צו די פרנסות, אויף וועלכע עס ווארט א געזיכערטע צוקונפט.

דעם וועג צו שאפען נייע פרנסות דארף די בילדונג קומען צו הילף, א גוטע ערציהונג וועט די יודען מאכען פעהיגער צו אלע ארבייטען, נידריגע פאכשולען וועלען פארכרייטען גוטע מייסטערס און פאבריקארבייטער, האנדווערקערשולען וועלען אויסבעסערען דאס האנדווערק, און האנדעלסשולען וועלען געבען בעסער צוגעגרייטע און אויסגעבילדעטע סוחרים. אין דעם דארף בעשטעהן אונזער ארבייט צו פערבעסערען די מאטעריעלע לאגע פון די רוסישע יודען. י. ל.

---

## בריעף פון ארץ ישראל.

די לאגע אין ארץ־ישראל איז אזוי טרויעריג און אונבעשטימט דאס מען קען באמת ניט זאגען צו וואס עס קען ברייגנען. עס ווילט

---

# פעלעטאן.

## דער הונגער אין אינדיען.

פון פיער לאטי.

יעאיפארע, מאי 1900.

אהער קומט מען אן, דורכרייזענדיג א געגענד, וואס נוס'ט. הונדערט מייל ארום ווענען פערוויסט דורך דער שרעקליכער טריקעניש און שטויב. צוויי מאל איז שוין די רעגען־צייט דורכגעגאנגען, און קיין איינציגער וואסערינער וואלקען האט זיך אויפ'ן הימעל נישט געוויזען. אויף די וויעזען איז קיין גראז נישט צו זעהן און אויף די בוימער — קיין בלאט. א מדבר, דאכט זיך. און דאך זענען ערשט נישט לאנג דא געווען אומעטום פרוכטבארע טהאלען, וואו עס פלעגען זיך פיטערען סטאדעס, און פעלדער, בעדעקטע מיט גערשטען און רייז.

נאר הינטער דער שטאדט לעבט אלץ ווי פריהער. דורך די אלייען פון פערטריקענטע בוימער, וואס ציהען זיך ביז צו די הויכע צייניגע מויערען פון דער הויפטשטאדט, ציהען זיך פוהרען, געשפאנטע מיט אקסען אדער קעמלען. די אנטרייבער טראגען ווייסע חאלאטען, די פרויען — לאנגע, געלע אדער רויטע שלייער פאר'ן געזיכט... מיט איין ווארט — א רייך, פערשיעדענפארביג לעבען, ווי אין די גוטע צייטען.

נאר ווער זענען דאס דארט, הארט הינטער דער מויער, די פינסטערע געשטאלטען? מענשליכע פנימ'ער, דאכט זיך... ווער קענען דאס זיין די מענשען, וואס ליענען אויסגעשפרייט קופעסווייז אויף דער ערד? — שכורים? קראנקע? — ניין, דאס זענען הונגעריגע, מתים, סקעלעטען! און דאך לעבען און בעוועגען זיך נאך די לעפליך פון זייערע אויגען, און די אפעל זעהען נאך וואס טהוט זיך ארום. אט הויבען זיך עטליכע אויף און וואקלען זיך, שטעהענדיג אויף די לאנגע ביינער; אנרופען די ביינער „פיס" איז עפיס אונמעגליך...

דורכגעהענדיג דאס ערשטע טהויער, בעגעגענט מען ערשט דאס צווייטע. עס איז אויסגעהאקט אין דער אינערוועניגסטער מויער, וואס איז ביז צו די צייניגע מויערען געפארבט אין ראזען קאליר, ווי א סטענגע מיט קליינע ווייסע בלומליך. און אויך דא וואלגערען זיך אין דיקען שטויב גאנצע מאסען מענשען, פער'חשב'טע און נראע, ווי זיי וואלטען זיין אין גאנצען איינגעטונקט אין אש. נאך שרעקליכער זעהען ווי אוים דא, ביי דער שענער מויער, וואס גלאנצט אין איהר לעבעדינגען פארב. דאס זענען סקעלעטען, איבערגעצויגען מיט א הויט, פון וועלכער די ביינער שטארען אזוי ארויס, אז עס איז צו זעהן זייער מינדעסטע ביינונג, אבער אונגאטירליכער און שרעקליכער פאר אלעם זענען די הענד; די עלענבויגען שטארען ווייט ארויס; דער אויבערשטער טהייל האנד, ביז צום עלענבויגען איז דינער פאר דעם אונטערשטען: דער לעצטער האט צוויי ביינער, און דער אויבערשטער טהייל נור איינעם, און מעהר ווי ביינער איז דאך דא נישט פארהאן! גאנצע פאמיליען ליענען דא אויסגעשפרייט אין קופעס, עלענדע, פערלאזטע פון אלעמען. טהייל ראנגלען זיך שוין מיט'ן טויט, גוס'ען און ליענען מיט'ן גאנצען קערפער אויסגעצויגען; אנדערע, וואס האבען אין זיך נאך עפיס מעהר לעבען, ליענען אונבעוועגליך און פערטומעלט; אין די אויגען ברענט ביי זיי דאס פיבער, און די ליפען זענען ארונטערגעביסען אונטער די צייהן. ערגיץ דארט, אין א ווינקעל, זיצט איין אלטע, זיצט אליין און וויינט שטיל...

און די שטאדט, וואס בעוויזט זיך פאר די אויגען, דורכגעהענדיג שוין די ביידע טהויערען, איז אזוי וואונדערליך שען, אזוי ענטציקענד!

זיך ניט גלויבען, דאָס עס זאָל מעגליך זיין, אַז די גאַנצע אַרבייט, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט אַזעלכע שוויריגקייטען און קרבנות אין די אכצעהן יאָהר, זאָל איצט צושטערט ווערען פון דער אייזערנער האַנד און „אייזערנער לאָגיק״ פון דער חברה יק״א, און אַז דאָס גאַנצע יודישע פאָלק וועט גלייכגילטיג שטעהן פון ווייטען און צוזעהן, ווי מען צוטרייבט די בעסטע קרעפטען אַרבייטער, די ערשטע פיאָנערען־קאָלאָניסטען פון דעם לאַנד, וועלכעס האָט געקאָסט אַזוי פיעל בלוט און שוויים און וועלכעס איז פאַר זיי אַזוי טהייער געוואָרען?

ווען דער פיינד בעפאַלט איין לאַנד זענען די איינוואָהנער ניט אַזוי דערשלאָגען, אַזוי פערצווייפעלט, ווי עס זענען איצט פערצווייפעלט אונזערע ברידער אין ארץ ישראל פון די פלענער פון יק״א. איך וויל אייך דאָ ניט איבערגעבען אַלע אונטערהאַנדלונגען, וואָס דער נייער פאָרשטעהער האָט געהאַט מיט די קאָלאָניסטען און מיט די אַרבייטער, עס וועלען זיין גענוג נור אייניגע פאַקטען:

די לאַגע פון די אַרבייטער האָט זיך אַזוי אַרויסגעשטעלט, דאָס עס איז צו קלאָר שוין צו פערשטעהן וואָס מען בעצוועקט. פון אַלע פלענער, וועלכע מען האָט פאָרגעלעגט צו פערבעסערען זייער צושטאַנד, איז נור איינער אָנגענומען געוואָרען אַרויסצושיקען זיי פון ארץ־ישראל. עס איז שוין צו דעם צוועק צוטהיילט געוואָרען איבער 40 טויזענד פראַנק פאַר שיפס־קאַרטען אין אמעריקא און אַוסטראַליען, אייניגע פאַמיליען האָבען בעקומען ביז 1500 פר.! און ווען די אומגליקליכע האָבען זיך געבעטען מיט ווענינער געלד צו פערבלייבען אין לאַנד, ווען פערשיעדענע האַנדווערקער האָבען געוואָלט בעשטעהען, מען זאָל זיי נור געבען געצייג־ווערק, האָט מען זיי אויך אין דעם ענטזאגט!—נור בילעטען אַוועקצופאָהרען פון ארץ־ישראל— איז געווען דער ענטפער, און די אַרבייטער האָבען קיין אַנדער וועג ניט געהאַט ווי צו נעמען די בילעטען און מיט פרויען און קליינע קינדער צו פערלאָזען דאָס לאַנד! אַזעלכע סצענען קען מען איצט זעהן ביי יעדער שיף יעדע וואָך, סצענען פון וועלכע עס קען פלאַצען דאָס האַרץ הערענדיג דאָס געוויין ביי די בעגלייטונגען.

אין די קאָלאָניען איז אויך ניט פרעהליכער. ווי עס איז בעקאַנט, האָט דער פאָרשטעהער פון יק״א, ה׳. פאַריענטע אין זכרון מעהר גאָר ניט אויף געטהון ווי געמעלדעט, דאָס, כל זמן עס וועט ניט אַוועק אַ העלפט פון די קאָלאָניסטען, קען ער קיין זאַך נישט טהון. די קאָלאָניסטען האָבען געזעהען דאָס זיי וועלען דאָ גאָר ניט מאַכען האָבען זיי באלד אַוועקגעשיקט אַ דעפּוטאציע פון זיבען מענשען קיין פאַריז. די קאלאניען פון יהודה האָבען זיך אַלע פעראייניגט און אויסגעקליבען איין אַלגעמיינעם קאָמיטעט צו פערהיטען דעם ישוב.

די אייניגע אונטערהאַנדלונגען, וועלכע דער קאָמיטעט האָט געהאט מיט דעם ה. פ. האָבען צו קיין רעזולטאטען ניט געבראַכט. די קאָלאָניסטען האָבען מורא, דאָס דער קעלער פון ראשון זאָל אויפהערען צוצונעהמען די טרויבען.

ה. פאַריענטע האָט שוין געלאָזט אָנצוהערען אין גדירה, דאָס עס וועט זיין שווער צו נעמען ביי זיי די טרויבען, אויך דעם קאָניאַק זאָלען זיי אליין מאַכען און אליין פערקויפען. מען קען זיך פאָרשטעלען אין וואס פאַר אַ לאַגע די קאָלאָניסטען זענען, ווען מען לאָזט זיי שטעהן אָהן שום מיטלען און מען זאָגט זיי אָן אַזאַ בשורה 6 הדשים פאַר דער ווינלעזע!

אין עקרון איז די זאַך צוגעגאַנגען איינפאַך: די איינפאַכע געבוירענע אַקערבויער ווייסען פון קיין פאָליטיק און האבען געפרעגט גלייך דעם ה. פ., אויב מען וועט זיי צוגעבען לאַנד וואָס עס פעהלט, דען מעהר האבען זיי ניט וואָס צו פערלאַנגען. דער ה. פ. האט זי

---

אַ גרויסע ראָזע־שטאָדט, אין גאַנצען ווי איינגעטונקט אין ראָזע פאַרב, אויף אַלע הייזער, אויף אַלע פאַלאַצען און טעמפּלען, — אומעטום אַלץ די זעלבע ווייסע בלומליך. דאָס איז עפּיס אַ אויסטערלישער איינפאַל פון קעניג, עס האָט זיך דעם הערשער פערוואָלט די גאַנצע שטאָדט אויף איין אַרט אויספּוטצען. עס זעהט אויס, ווי די גאַנצע שטאָדט וואָלט געווען פערהיעלט אין עפּיס איין אַלטמאָדישער אינדישער גאַזע. און די גאַנצע שטאָדט מאַכט אַ איינדרוק פון עפּיס יום־טוב'דיגעס, אונגעוועהנליכעס...

די לאַנגע גאַסען, וואָס ציהען זיך אויף ווייאָרסטען אין דער לענג, זענען אויסגעציערט מיט הויכע, וואונדערליכע פּאַלאַצען, מיט פּאַסאַדען, וואָס די מעכטיגע מורח־פאַנטאַזיע האָט פערקינסטעלט מיט איין אונגעהויערער צאָהל פון פערשיעדענע קלייניגקייטען. עס איז אין ערגיץ נישט צו געפינען אַזאַ רייכקייט פון באַלקאָנען, פאָנטאַנען אין טהורעמס, און דאָס אַלץ איז געפאַרבט ראָזע, אומעטום דיזעלבע בלומליך. די קליינע אויסשניצונגען האָבען אַ ווייסע דינע ליניע.

און דורך די גאַסען ציהען זיך מאַסען מענשען; עס רוישט אַ יַם אין פערשיעדענע ליכטיגע פאַרבען!

אויף די טראָטואַרען, אויף ביידע זייטען פון די גאַסען, זענען אויסגעשטעלט פערשיעדענע סחורות, געוועהר און פערשיעדענע קופערנע זאַכען. צווישען די אויסגעשטעלטע סחורות דרעהען זיך אַהין און צוריק רייכע פרויען מיט שענע, פערשיעדענפאַרביגע פאַנטאַסטישע שלייער, די נאַקעטע הענד זענען אוש ביז צו די אַקסעל בעהאָנגען מיט גאָלדענע און זילבערנע בראָסלעטען.

אין מיטען גאַס הערט אַ מינוט נישט אויף דאָס גערויש. עס רייטען דורך רייטער בעוואָפענט מיט זילבערנע געוועהר אויף רייכע שענע זאָטלען; שווערע וועגען קלאַפּערען דורך, געשפּאַנט מיט קעמלען; עס געהען דורך די העלפאַנטען אין פערגילדערטע מאַנטלען, די לאַנגע ריסלען (נעז) זענען געציימט אויף הונדערטער אַרטען. עס געהען דורך איינהויקעריגע קעמלען, אַרויסשטעקענדיג פאַראויס די לאַנגע העלזער. יעדער טראָגט אויף זיך צוויי רייטער, וואָס זיטצען איינער אנטקעגען דעם אַנדערען. און אָט זענען די פאַקירען (מחמד'נישע אָרימע גייסטליכע) אין גאַנצען נאַקעטע און פערשטויבטע... און עס דאַכט זיך עפּיס, אַז דאָס אַלץ איז דוקא אַזוי צוזאַמענגעשטעלט געווי'רען, כדי עס זאָל אויסקומען אַזאַ שענע פּראָצעסיאָן, לויט דעם געשמאַק פון די פאַנטאַסטישע מזרח־איינוואָהנער.

אָט געהען דורך די דיענער פון קעניגס סוויטע, פיהרען זיך שפּאַצירען דעם קעניג'ס געלעהרענטע חיות, פאַנטערען און לעמפּערטען. זיי טראָגען אויף די קעפּ אייסגעשטיקטע היטעליך, וועהר שען אַרונטערגעבונדען אונטער'ן האַלז, און געהען, שטעלענדיג די סאַמעטענע פיס זעהר פאָרזיכטיג, ווי מיט עפּיס אַ גרויסער כונה. די דיענער האַלטען זיי פאַר די ווײַדעל, זיי זאָלען אין גאַס נישט אָנמאַכען עפּיס אַ שאָדען, און פיער מענשען פון דעם קעניגס סוויטע גטהען נאָך.

נאָר אויך דאָ, אין די גאַסען, בעגעגענט מען אומעטום די טרויריגע געשטאַלטען, וואָס זעהען אויס, ווי זיי וואָלטען ערשט יעצט פון קבר אַרויס, — געשטאַלטען, וואָס זעהען אויס ווי יענע בעשעפּענישען, וואָס ליעגען פאַר די טהויערען. אָט האָבען זיי נעהאַט אַזוי פיעל דרייסטקייט אַריינצוטרעטען אין אַ שענעם, גרויסאַרטיגען פּאַלאַץ און האָבען נאָך אַזוי פיעל חוצפּה מיטצושלעפּען מיט זיך זייערע ביינער!... אין שטאָדט איז פאַרהאַן אַ סך מעהר הונגעריגע, ווי עס זעהט אין פּלוק אויס. אָט וואַקלען זיי זיך אויף די פיס, און וואַרפען בלאָנזענדע בליק אַרום אין אַלע זייטען; אָט ליעגט אַ סקעלעט און נאָך איינער, אויפ'ן טראָטואַר אויסגעצויגען צווישען די רייכע אויסשטעלונגען, און די דורכגעהער מוזען זיי אויסמיידען און אַראָבגעהן פון טראָטואַר אום נישט צו פאַלען איבער זיי.

דאס אָבגעזאגט און האט ווייטער גאָר ניט גערעדט וועגען דער קאָלאָניע. דאן האבען די עקרונ׳ער געמעלדעט, דאָס זיי ווייסען ניט פֿון יק״א און האבען מיט איהר קיינע געשעפֿטען, און ווילען זעהן זיך אַליין צו העלפֿען. מיט דעם איז עקרון אָבגעפּטר׳ט געוואָרען. דער ה. פ. איז אַוועק זעהר אומצופֿריעדען פֿון דעם צו גראָדען און קלאָרען ענטפֿער.

די שלעכטע לאַגע אין די וויינבוי־קאלאניען איז מערקווירדיג אין דער צייט, ווען מיר זעהען, דאס אונזערע שכנים די דייטשען און גריעכען וועלכע האנדלען מיט וויין, מאַכען זעהר גוטע געשעפֿטען, דאס די דייטשע וויינבוי־קאָלאניען ווי סאראָנא, חייפֿא פֿערגרעסערן פֿון יאהר צו יאהר זייערע נערטנער און פֿערקויפֿען זייערע ווייִנען זעהר גוט.

די קאלאָניסטען האבען צוזאמען גענומען פֿיעל מאַטעריאַל אום צו איבערצייגען, דאָס דער וויינבוי אין ארץ ישראל וואָלט גאָר ניט אזוי שלעכט געווען, ווען ער זאָל זיין אין די הענד פֿון די קאָלאָניסטען אַליין. זיי זאָלען אַליין אַרבייטען אין קעלער, אַליין אַכטונג געבען אויף די ארדנונג, עס זאָל אַלעס שפּאָרעוודיג געמאַכט ווערע און אויך אַליין דעם וויין פֿערקויפֿען.

און דאָס איז דער פֿעסטער בעשלוס פֿון אלע קאָלאָניען, מיט וועלכען זיי קומען פֿאָר יק״א, זיי קלאָגען זיך ניט אויף די פּרייזען פֿון די טרויבען, זיי פֿערלאַנגען אבער, דאס זיי זאָלען בעקומען ד, ריכטיגע פּרייזען ווען זיי וועלען אַליין זיך מיט אַלעם אָבגעבען דאַן זענען זיי זיכער אַז עס וועט זיין אמת׳ע מזל ברכה. מיט איין וואָרט זיי פֿערלאַנגען איצט צו ווערען פֿרייע בירגער, פֿרייע אַרבייטער, אָהן פֿערזאָרגער, אָהן נייע „דירעקטאָרען”, „אַדמיניסטריטאַראָן” א. ז. וו. און] וואָס זיי וועלען מיט זייערע הענד, מיט זייער אַרבייט און פֿעהיגקייטען אויסאַרבייטען מיט דעם וועלען זיי צופֿרידען זיין. אָבער פֿריעהער מוז יק״א פֿעריכטען די פֿעהלער, וואָס די פֿריהערדיגע פֿיהרערס האָבען אָנגעטהון און צו ליעב וועלכע דער באַראָן האָט די קאָלאָניעס איהר איבערגעבען. דאס איז דער אַלגעמיינער וואונש פֿון אַלע קאָלאניען.

אויב יק״א וועט איינשטימען? איז מען אַלע אין גרויסען צווייפֿעל, אָבער אין דעם ווילען די קאלאניסטען גלויבען, דאָס אַלע זייערע ברידער וועלכע אַרבייטען פֿאַר דעם הייליגען רעיון, וועלען זיי מיטהעלפֿען, זיי זאלען קענען קומען צו א זעלבסטשטענדיגען, אונאַבהענגיגען לעבען; זיי האָפֿען, דאס די וויכטיגע פֿראַגע וועט איצט אויך זיין איינע פֿון די הויפּטאַרבייטען ביי דער אַלגעמיינער אסיפה פֿון די חובבי־ציון אין אַדעס, אויף וועלכע אַלע קאָלאָניען אַזוי ווי די אַרבייטער שיקען די וואך אַרויס זייערע פֿאָרשטעהער.

דער אלטער ציוניסט.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

**רוסלאַנד און חינא — דער רוסישער ב ורזשעט. — דער פּעריינס־געזעץ אין פראנקרייך — די וויבאַרעס אין עסטרייך.**

דער רַעש, וואָס האָט אַרויסגערופען די יְדִיעָה, אַז רוסלאַנד האָט בעזונדער אָבגעמאַכט מיט חינא און אַז מאַנדזשוריען געהט איבער צו רוסלאַנד, איז איינגעשטילט געוואָרען דורך די ערקלערונג פֿון דער רוסישער רעגירונג, דאָס איהר אָבמאַך מיט חינאַ בעציהט זיך נור אויף בעוואָרענישען פֿאַר די רוסישע אייזענבאַהנען אין מאַנדזשוריען. רוסלאַנד, זאָגט ווייטער די אָפיציעלע ערקלערונג, האַלט איצט אַזוי ווי פֿריהער פֿעסט ביי איהר בעשלוס ניט אויסצוניצען פֿאַר זיך די רעזולטאַטען פֿון דער

---

דאָס זענען פֿויערען פֿון די נאָהענטע דערפֿער. צייט עס איז קיין רעגען נישט געווען — און געוויזען איז שוין עטליכע יאָהר נישט — האָבען זיי געקעמפֿט מיט דער פֿערשוואַכטער ערד. די אונגעהויערע אַרבייט האָט זיי אויסגעדאַרט; דאָס איז איין אויסדאַרונג, פֿאַר וועלכער עס איז גאָר קיין נאָמען נישט פֿאַרהאַן. די פֿיה זענען אויסגעשטאָרבען, עס איז נישט געווען, מיט וואָס זיי צו ערנעהרען, דאָס פֿעל איז פֿערקויפֿט געוואָרען פֿאַר א גאָר נישט, פֿון די בעאַרבייטע פֿעלדער איז געוואָרען פֿערשטויבטע און פֿערברענטע מִדְבָּרִיוֹת, וואו אפילו קיין גרעזעל איז נישט צו זעהן. מען האָט שוין די קדושין־פֿינגערליך פֿון די הענד, די מַלְבּוּשִׁים פֿון לייב אַראָב פֿערקויפֿט. די עטליכע יאָהרען האָבען זיי אויסגעדאַרט, פֿערשוואַכט, און אָט איז אָנגעקומען דער ריכטיגער הונגער, דער שרעקליכער, אויסראָטענדער הונגער — און א רֵיחַ פֿון טויטע קערפּער האָט דערפֿולט די לופֿט אין די דערפֿער!

עסען! עסען ווילען די מענשען, אָט צו וואָס זיי זענען אין שטאָדט אַריין נעקומען! עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז מען וועט אויף זיי רַחְמָנוּת האָבען, אַז מען וועט זיי פֿאָרט נישט לאָזען שטאַרבען פֿאַר הונגער. אויפֿ׳ן דאָרף האָט מען אפילו געשמועסט, אַז אין דער שטאָדט ליעגט אָנגעזאַמעלט מאַסען קאָרן און מעהל, ווי אין אַ בעלאַגערונגס צייט, און אַז צווישען די מויערען פֿון דער שטאָדט עסען אַלע.

און אמת טאַקי, אַז גאַנצע סטאַדעס קעמלען ברענגען אָן יעדע מינוט פֿולע פֿוהרען רייז און גערשטען, וואָס דער קעניג האָט אויסגעשריבען פֿון דער פֿרעמד. מיט דער תבואה פֿולט מען אָן די שפּייכלער. מען לעגט מעהל אויף די טראָטואַרען אפילו; מען שרעקט זיך דאָך פֿאַר דעם הונגער, וואָס פֿערשפּרייט זיך און נעמט אַרום די שענע רעזידענץ פֿון אַלע פֿיער זייטען. נאָר דאָס קאָרן און גערשטען מוז מען קויפֿען, קויפֿען פֿאַר געלד. דער קעניג הייסט אַוודאי צוטהיילען רייז צווישען די אָרימע, וואָס וואָהנען אין זיין רעזידענץ. נאָר דאָס וואָלט דאָך נישט זיין גענוג פֿאַר דער דערפֿער־בעפֿעלקערונג, וואָס שטאַרבט אוים טויזענדערווייז אין די נאָהנטע טהאָלען, און אָט אַזוי זענען זיי פֿערלאָזט אָהן שום הילף. אויף די גאַסען בעטלען זיי, בלאָנדזשען אַרום אין דער שטאָדט, וואו מענשען עסען, בלאָנדזשען מיט א האָפֿנונג, אַז עמיץ וועט זיי וואַרפֿען עטליכע קערנדליך רייז, נאָר — די צייט רוקט זיך, און זיי פֿאַלען, פֿאַלען ערגיץ אויפֿ׳ן טראָטואַר און גוס׳ען.

אָט טאַקי פֿאַר די שפּייכלער, וועלכע, ווי עס זעהט אויס, זענען שוין איבערפֿול, ברויך מען אָבצולעגען נאָך אַ־נ׳ערך הונדערט זעק תבואה, עס ווערט דערווייל אָבגעלעגט פֿון די קעמלען אויף דער ערד. דאָס אָרט אָבער, וואו מען ברויך די תבואה אָבצולעגען, האָבען דערווייל פֿערנומען דריי קליינע הונגעריגע קינדער, דריי נאַקעטע קינדער סקעלעטען. דער יונגסטער איז אַלט א יאָהר פֿינף, דער עלטסטער — צעהן.

— דאָס זענען דריי ברידער, — ערקלערט מיר אַ פֿרוי — מיטגעבראַכט אין שטאָדט אַהין האָבען זיי די עלטערן, וואָס זענען שוין געשטאָרבען (עס פֿערשטעהט זיך פֿאַר הונגער). און זיי זענען אַליין געבליבען און ליעגען אין גאַס; יעצט האָבען זיי שוין קיינעם נישט.

און די פֿרוי רעדט אוים די ווערטער מיט אַזאַ גלייכגילטינער שטימע, ווי דאָס וואָלט געווען א גאנץ געוועהנליכע זאַך, פֿון וועלכער מען רעדט נישט קיין סך, און דאָך זעהט די פֿרוי נישט אוים לויט׳ן פּנים ווי א שלעכטע... מיין גאָט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאָלק, און וואָס פֿאַר אַ נְשָׁמָה האָבען דאָס אין זיך די מענשען, וואָס וואָלטען פֿאַר קיין שום זאַך אויף דער וועלט נישט געהרג׳ט קיין פֿייגעלע*) און לאָזען ביי זיך אין שטאָדט פֿאַלען קינדער פֿאַר הונגער?!

*) די אינדיאַנער איז פֿערבאָטען לויט זייער גלויבען צו הרגנ׳ען א לעבעדיג בעשעפֿעניש. דער איבערזעטצער.

מלחמה מיט חינא, זי וועט אנלעגען איהר גאנצע קראפט, אז חינא זאל בלייבען גאנץ ביי אלע איהרע פריהערדיגע גרענעצען.

וועגען דער פרידליכער רוסישער פאליטיק אין חינא רעדט אויך דער ראפארט פון דעם רוסישען פינאנץ־מיניסטער אין דעם חשבון פון די הוצאות און הכנסות אויף דאס יאהר 1901. די מלחמה, וואס איז גע־קומען גאנץ אומגעריכט, זאגט ווייטער דער ראפארט, האט ארויסגעוויזען דער גאנצער וועלט, אז רוסלאנד וויל פרידען ניט וועגען איהר שוואכ־קייט. צו דער מלחמה איז רוסלאנד געוועזען געצוואונגען, ווייל זי האט געמוזט גלייך מיט אנדערע מלוכות פערהיטען דאס לעבען פון די אייראפעער אין חינא. און ווי דאס לעבען פון די אייראפעער איז נור אבגעראטעוועט געווארען, איז רוסלאנד די ערשטע געוועזען, וואס האט אבגעצויגען איהר חיל פון פעקין. די מלחמה אין מאנדזשוריען האבען אנגעהויבען די חי־נעזער, צושטערענדיג די רוסישע אייזענבאהנען. די פערטהיידיגונג פון די רוסישע גרענעצען און באהנען האבען געפיהרט דערצו, אז רוסלאנד האט געמוזט פערנעהמען מיט איהר חיל גאנץ מאנדזשוריען, און דא האט רוסלאנד ארויסגעוויזען פאר דער גאנצער וועלט איהר ריעזענקראפט, ווען עס איז איהר מעגליך געוועזען אין א קורצע צייט אהן אנשטרענגונג און אהן לארם אוועקצושטעלען אין חינא א חיל פון 220 טויזענד מאן, כדי צו בעווארענען די גרענעצען מיט חינא, וואס ציהען זיך אויף 9000 וויארסט.

די מלחמה האט ארויסגערופען אומגעריכטע גרויסע הוצאות אין דער סומע פון 6צ מיליאן רובל, וואס זענען ניט געוועזען אויסגערעכענט אין פאריאהריגען ביודזשעט. דאס אבער זענען נאך ניט אלע הוצאות פון דער מלחמה, דען חוץ דעם איז נאך אויסגעגעבען געווארען פיעל געלד פון די געוועהנליכע סומען, וואס זענען איבערגעגעבען געווארען דעם מי־ניסטעריום פון חיל און פון פלאט.

די רוסישע פינאנסען זענען אבער אזוי געשטארקט געווארען אין די לעצטע יאהרען, אז עס איז מעגליך געוועזען צו פיהרען די מלחמה אהן הלואות. אויף די מלחמה איז גענומען געווארען דאס געלד פון די פרייע סומען אין קאזנאטשייסטווא, פון וועלכע עס איז נאך איבערגעבליבען צו דעם ערשטען יאנואר 123 מיליאן רובל.

די געוועהנליכע הכנסות אויף דעם קומענדיגען יאהר זענען אויס־גערעכענט אין 1730 מיליאן, די געוועהנליכע הוצאות זענען אויסגערעכענט מיט 73 מיליאן רובל וועניגער. א גרויסע סומע פון 131 מיליאן דערגרייכען די ניטגעוועהנליכע הוצאות (אויף בויען און שטיצען אייזענבאהנען), וועלכע וועלען גדעקט ווערען דורך 56 מיליאן פון די פרייע סומען פון דער קאזנאטשייסטווא און דעם רעשט, מיט וועלכען די הכנסות שטייגען איבער די הוצאות.

דער חשבון ווייזט אויף, ווי עס ווערט פון יאהר צו יאהר אלץ וועניגער די סומע פון אסיגנאציעס און ווי דאס גאלד ווערט אין רוסלאנד אלץ מעהר פערמעהרט. דער חשבון שליסט מיט די ווערטער, דאס ביי איהרע איצטיגע גזיכערטע פינאנסען און ביי איהר מעכטיגען חיל קען רוסלאנד רוהיג קוקען אין די קומענדיגע טעג.

אין פראנקרייך האט דאס מיניסטעריום שוין פארגעלעגט דעם פארלאמענט דאס געזעץ געגען די חברות פון די גייסטליכע. אייגענטליך איז דאס א פראיעקט פון א נייעס געזעץ איבער פעריינען איבערהויפט. ביז איצט האט מען אין פראנקרייך געמעגט גרינדען פריי און פראנק פערשידענע ארטען חברות, וועלכע האבען נור בעצוועקט מאטעריעלע צוועקען. א בעזונדער ערלויבעניש פון דער רעגירונג האט מען אבער געדארפט האבען אויף גרינדען חברות, וואס פערנעהמען זיך מיט פאליטיק, רעליגיאן, ליטעראטור און קונסט. האטש פראנקרייך ריהמט זיך פון תמיד אן מיט איהר פרייהייט, האט זי דאך שטענדיג מורא געהאט פאר א צו

---

מיט'ן יונגסטען ברודער, דאכט זיך, האלט עס שוין גאנץ שלעכט. ער ליעגט אונבעוועגליך, ער האט שוין קיין כח נישט אפילו, אראבצוּיאגען די פליעג, וואס האט זיך איהם געשטעלט אויפ'ן פערמאכטען אויג. דער בויך זיינער איז שרעקליך איינגעפאלען, ווי מען וואלט איהם די געדערם געהאט ארויסגענומען. פונ'ם לאנגען ליעגען אויף די הארטע טראטוארען האבען די ביינער דורכגעלעכערט די הויט און שטארען ארויס.

עס העלפט אבער נישט, מען מוז אוועק געהן פון דאנען; מען ברויך דאס ארט!

דער עלטסטער הייבט זיך אויף. געמט זעהר פארזיכטיג אויף איין האנד דאס יונגסטע ווערימיל, מיט דער אנדערער האנד פיהרט ער דעם מיטעלסטען, וואס קען נאך שטעהן אויף די פיס, און שטילינקערהייט נעהען זיי אוועק.

אט האט דער יונגסטער געעפענט אויף א רגע די אויגען. מיין גאט וואס פאר א בליק איז דאס?! עפיס דריקט זיך אויס אין די אויגען א מין שרעק, פארוואורף און פערוואונדערונג, פאר וואס ער איז אזוי אומגליקליך, אזוי פערלאזט און מוז אזוי פיעל, אזוי פיעל ליידען!... נאר באלד פאלען ווידער צו די האלב־טויטע לעפליך, די פליעגען זעטצען זיך שוין ווידער אויף די אויגען, און דאס קליינע, אומגליקליכע קעפיל פאלט צוריק אויפ'ן ברודער'ס אקסעל.

דער לעצטער וואקעלט זיך א ביסיל, נאר אהן איין טרעהר, אהן שום פראטעסט טראגט ער ווייטער דאס עלענדע געזינדעל, ווי ער וואלט זיך געפיהלט פאר א טאטען פון די קינדער. וואונדערליך איז צו קוקען אויף דעם קינד, ווי ער דערטראגט געדולדיג און מוטהיג זיינע צרות; ער קוקט זיך אום, מעסט אויס מיט'ן אויג דאס שטיק ארט. וואס זיי זענען שוין אבגעגאנגען, און עס זעהט אויס, ווי ער זאל מספק זיין, צי האבען זיי זיך שוין אויף אזוי פיעל אבגעריקט, אז זיי זאלען שוין קיינעם נישט ברויכען צו שטערען, און מיט עפיס איין אונבעשרייבליכער פארזיכטיגקייט לעגט ער די ברידער אנידער אויף דער ערד, און ציהט זיך אליין אויס נעבען זיי.

און אויפ'ן הויפט־פלאץ, וואו עס לויפען זיך צוזאמען די שענסטע גאסען, דריקט זיך אויס אין וואונדערליכע בילדער דער גלענצענדער רייכטהום פון דער שטאדט. די הויכע בראהמאנישע טעמפלען זענען אין גאנצען בעפארבט ראזע מיט ווייסע בלומליך. ראזע איז אויך דער פאראד פון קעניגליכען פאלאץ און ער איז אין גאנצען בעווארפען מיט בלומען. ער איז העכער ווי די פאסאדען פון די אייראפעאישע קירכען און בעשטעהט פון פיעל גלייכע טהורעמס מיט דיזעלבע קליינע געקינסטעלטע קאפגולען. ראזע געפארבט און מיט ווייסע בלומליך זענען אויך די פאלאצען און די הייזער, וואס שטייגען ארויס פון אלע זייטען און ציהען זיך העט וויים אינ'ם שטויב פון דער גאס.

און די מענשען, וואס געהען דא פאראיבער, זענען הויך־געוואקסענע, געקליידעט רייך און פערציערט; אלץ לעבט און רוישט מיט א פרעהליכען, יום־טוב'דיגען געמיטה. נאר הונגעריגע זענען דא פארהאן נאך מעהר, ווי אומעטום — קליינע הונגעריגע קינדער: אין מיטען אין דעם גרויסען פלאטץ ווערט געבאקען אויף גיך עפיס מיני קיכליך פון רייז מיט צוקער און האָ־ניג. און דאס ציהט די קינדער צו פון דער ווייטען. עס פערשטעהט זיך, אז קיינער ניט זיי נישט פון דעם געבעקטס, און דאך שטעהען זיי, וואק־לענדיג זיך פאר שוואכקייט אויף די קליינע פיסליך, און די ברענענדיגע אויגען פאדערען שטום עסען.

(ענדע קומט)

איבערזעצט דורך N—g.

גרויסע פרייהייט אין גייסטיגען לעבען, טאָמיר זאָלען די פערשידענע אָרגאַניזירטע חברות ניט ברענגען צו אַ פערענדערונג אין פאָליטישען לעבען פון לאַנד. וואַלדעק רוסאָ וויל איצט מבטל זיין די אַלע שוויריגקייטען, וואָס זענען געלעגט געוואָרען דורך די פראַנצויזישע געזעצען ביי דער גרינדונג פון פעריינען. אין דעם נייעם געזעץ זאָל ערלויבט ווערען צו גרינדען פריי און פראַנק אַלערליי חברות אָהן שום ערלויבעניש פון דער רעגירונג. איין אויסנאַהמע וויל נור דער מיניסטער מאַכען פאַר חברות פון גייסטליבע, פאַר וועלכע די רעגירונג האַלט פאַר נייטהיג צו מאַכען פערשידענע שוויריגקייטען. דער פראָיעקט פון דער רעגירונג ווייזט אויף אַז אויך אין דער שווייץ און אין איטאַליען האָט די רעגירונג געפונען פאַר נייטהיג צו מאַכען ביי גרינדונג פון חברות אויסנאַהמען פאַר די גייסטליכע. דען קיין רעגירונג—זאָגט דער פראָיעקט—קען ביי זיך ניט דערלאָזען, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערען אַ שטאַרקער בונד פון מענשען, וועלכע זאָגען זיך אָב פון זייער רעכט פריי אויסצודריקען זייערע אייגענע געדאַנקען און וועלכע זענען מחויב מיט זייער גאַנץ לייב און זעעלע זיך צו שטעלען אין דיענסט פון אַ פרעמדער מאַכט (פון פאַפסט), וואָס קען ניט קאָנטראָלירט ווערען פון דער רעגירונג.

וועגען פראָיעקט ווערען געפיהרט הייסע וכּוחים. די קאָנסערוואַטיווע טהיילען פון פאַרלאַמענט טרעטען אַרויס אין נאָמען פון פרייהייט און פערלאַנגען גלייכע רעכטע אויך פאַר זיך. די סאָציאַליסטישע דעפוטאַטען פערלאַנגען שטאַרקערע מיטלען געגען די גייסטליכע, זיי לעגען פאַר צונעהמען פון זיי אַלע זייערע מאַיאָנטקעס, כדי דערמיט איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו מאַכען אַ סוף פון דער געוואַלטיגער קאַטהאָלישער קראַפט, אין וועלכער זיי זעהען אַ סכּנה פאַר די פרייהייט און פאַר די רעפובליק.

אין עסטרייך זענען די וויבאָרעס שוין געענדיגט. פערלאָרען האָבען די אַנטיסעמיטען און אָבגעשוואַכט זענען געוואָרען די סלאַווישע פאַרטייען, וואָס פערלירען דורך די איצטיגע וויבאָרעס זייער רוב דעות, וועלכע זיי האָבען געהאַט אין פריהערדיגען פאַרלאַמענט. דערמיט קומט די רעגירונג דורך די נייע וויבאָרעס אין עטוואָס אַ בעסערע לאַגע ווי אין דעם פריהערדיגען פאַרלאַמענט. אַזאַ רעזולטאַט איז גאַנץ אומגעריכט אי פאַר די רעגירונג אי פאַר דאָס פאָלק. ווי ווייט די האָפענונג אויף אַ בעסערע פאָליטישע לאַגע אין עסטרייך איז ריכטיג, וועלען מיר באַלד זעהן ביי די ערשטע בעראַטהונגען פון נייעם פאַרלאַמענט. י. ל.

---

## ציישונגס-שטימען.

(די נייע וואָכענצייטונג „הדור“. — ד״ר בערנפעלדס בריעף צו נ. סאָקאָלאָוו.)

פאַריאָהרען, בשעת איך האָב איבערגענומען אויף זיך די אַרבייט פון די „ציישונגסשטימען“ האָב איך פריהער פאַר אַלץ געפיהלט די נויטווענדיגקייט צו בעווייזען דעם לעזער, דאָס אין אונזערער ליטעראַטור בעווייזט זיך אַלץ עפטער און עפטער דער טיפּ פון אַ עהרליכען שרייבער, הערען זיך אַלץ עפטער די שטימען פון איבערגעבענע ליטעראַטען, פאַר וועלכע דאָס געדרוקטע וואָרט איז צו הייליג, אַז מען זאָל זיך מיט איהם קענען אַרומוואַרפען ווי מיט אַ וואַלוועלע סחורה.

איך האָב דאַמאָלס געשריעבען („יוד“ נומ. 1, 1900):

„היינט איז שוין פאַרהאַנען דער טיפּ פון אַ עהרליכען שרייבער, וועלכער פיהלט די וויכטיגקייט און ניצליכקייט פון זיין אַרבייט; ער ווייס דאָס די פעדער איז בכח צו העלפען און צו שאַדען, און ער ווענדעט אָן זיין קראַפט דעם פאָלק צו דיענען עהרליך און געטריי. און וואָס מעהר עס שטאַרקט זיך ביי איהם דער רעיון פון די פעדערס כח, זוכט ער אַלץ מעהר צו פערגרעסערען זיינע קענטניסע, זיך שטאַרקער צו פערטיעפען אין די בעטראַכטונגען וועגען די מעלות און חסרונות פון פאָלקס-לעבען; ער זוכט גרינדליכער צו פערשטעהן און קלאָרער צו רעדען און צו בעווייזען“.

פאַר אסך לעזער זענען מיינע ווערטער שוין דאַמאָלס ניט געווען קיין נייעס. היינטיגעס יאָהר בין איך נאָך וועניגער מחויב צו רעדען פון אַ זאַך, וואָס איז שוין כמעט אַלעמען בעקאַנט. ווער ווייסט דען ניט ווי נייטהיג עס איז זיך צוצוהערען צו די ווערטער פון אונזערע בעקאַנטע פובליציסטען און ליטעראַטען? ווער ווייס דען ניט וואָס פאַר אַ ביטערער אמת עס קלינגט אַמאָל אַרויס פון זייערע רייד, וואָס פאַר אַ שאַרפע עהרליכע קריטיק עס גלאַנצט אַמאָל אַרויס פון זייערע מאמרים, ערצעהלונגען און זייערע ליעדער?

אַנשטאַט צו רעדען וועגען זאַכען, וואָס איז אַלעמען בעוואוסט, לאָמיר זיך בעסער צוקוקען, צי וואַקסט אין צאָהל אונזער גוטע ליטעראַטור, צי שטאַרקט זיך ביי זיינע אַרבייטער די בעזעסענקייט, דאָס האַרץ אַרויסצוזאָגען פריי און פראַנק וואָס ער האַלט פאַר ריכטיג און וואוהל.

פון ערשטען יאנואר געהט אַרויס אַלע וואָך אַ נייע וואָכענצייטונג „הדור“, וועלכע האָט אויף דער ערשטער זייט אַרויסגעשטעלט די ווערטער פון גרויסען דיכטער און פילאָזאָפען געטהע: עס איז אַ קרומער גאַנג, ווען מען ניט נאָך דאָס פערלאַנגען פון דער גרויסער מאַסע דאַדורך, וואָס מען וועקט אין איהר די געפיהלען וואָס זיי ווילען, אַנשטאַט אויפצומונטערן די, וועלכע זיי דאַרפען... פאַר דאָס גרויסע פובליקום זאָל מען האָבען אָבשיי, מען זאָל עס ניט בעהאַנדלען ווי אַ קינד, ביי וועמען מען נאַרט נור אויס דאָס ביסעלע געלד. מען דאַרף זיך בעמיהען, אַרבייטענדיג מיט אַ ריכטיגען געפיהל און אַ שענען געשמאַק דעם פובליקום דאָס גוטע צוצוטראָגען, איינצופלאַנצען“.. און ווייטער אין פראָגראַם-אַרטיקעל שרייבט די רעדאַקציאָן. „מיר מוזען איינגעוועהנען דאָס פאָלק צו פיהלען די נויטהווענדיגקייט ניט נור פון אַ טאָג-בלאַט, נאָר אויך פון אַ וועכענטליכען זשורנאַל. די טעגליכע בלעטער זענען ניט בכח צו געבען דעם פאָלק נור די גייסטיגע שפייז וואָס ער בעדאַרף. זי אַרבייט פאַר דער מינוט און אין איין אייל, און מיט דערזעלביגען אייל ווערט זי פערשלונגען פון לעזער. ווי ניט עהרליך דער שרייבער זאָל זיין, האָט ער ניט די מעגליכקייט צו געבען אַ קריסטאַליזירטע אַרבייט, און דער הונגעריגער לעזער פערשלינגט צו גיך זיינע ווערטער, אַז ער זאָל קענען געפונען אין זיי דעם ריכטיגען טעם... דעריבער קומען מיר מיט אונזער זשורנאַל, מיט דעם געדאַנקען צו געבען בעסערע גייסטיגע אַרבייט, וואָס זאָלען האָבען אַ לענגערען קיום“.

די רעדאַקציאָן שרעקט זיך ניט, וואָס דאָס פאָלק וועט ניט אַזוי גיך קומען נעהמען די בעסערע גייסטיגע סחורה. זי גלויבט פון גאַנצען האַרצען דאָס אין דעם טאָג, בשעת מיר וועלען קריגען אַ בעסערע ליטעראַטור, וועלען מיר אויך געווינען דעם בעסערען שכל׳דיגערען לעזער. אויב מיר וועלען אַליין האָבען דאָס ריכטיגע געפיהל, דעם ריכטיגען געשמאַק, וועלען אויך די לעזער זיי קריגען, און דאַדורך וועט ער שוין דערפיהלען, ווי נייטהיג ער דאַרף דאָס טאַקע האָבען... אין קלאָרע, געצעהלטע און אָבגעוואויגענע ווערטער, אָהן פוסטע מגידות און געצאַצקעטע בייווערטליך וועלען מיר זיך סטאַרען צו ענטפערען אויף די וואונדערליכע און ווילדע פראַגען, וועלכע לאָזען ניט שלאָפען און

צוברעכען דעם מח ביי אַסך'ן פֿון אונזערע ברידער. קלאָר און דייטליך אַרויסצורעדען אונזערע געדאַנקען — דאָס איז' אונזער ערשטע פֿעסטע דעה... נאָר אויף ד ע ם וועג וועלען מיר זיך דערנעהנטערען צום דעם האַרצען פון פֿאָלק, נאָר דורך דעם וועלען מיר דעם המון אויפֿמונטערען און אויפֿוועקען"... „ניט אין נאמען פון א פ אַ ר ט י י, און ניט צו אַ געוויסער פאַרטיי ווענדען מיר זיך מיט אונזערע אַרטיקעל. אַלץ וואָס אַנבעלאַנגט מ ע נ ש ל י כ ע ן ל ע ב ע ן בכלל, אַלץ וואס איז נוגע דעם יודען און דעם ניט—יודען, און אויך די ווירקונג וואָס זיי מאַכען אויף איינאַנדער וועט געפֿינען א ברייטען אָרט אין אונזער זשורנאַל. ניט ווייניגער פלאַץ וועלען פֿערנעהמען די נייעסען פון דער ו ו י ס ע נ ש א פֿ ט און דאס וואס האט נור אַשייכות צו ק ו נ ס ט א ו ן ע ס ט ה ע ט י ק. בעזונדערס אָבער וועלען מיר זיך סטאַרען דעם בונד פון די אַלע ד ר י י צו האַלטען פֿעסט און שטאַרק. דען עס איז שוין פֿאַרביי די צייט, בשעת די אַלע דריי זענען זיך געגאַנגען פֿערשיעדענע וועגען"...

א גרויסע בעזעסענקייט הערט זיך פֿון די ווערטער פון אַרטיקעל־פֿערפֿאַסער, צום ערשטען מאָל ערקלערט א יודיש־בלאַט, דאָס זי וויל ניט זיין דער דיענער פֿון אַ פאַרטיי, אויסער דער פאַרטיי, וואס האָט ניט קיין קלייבערס, קיין פֿיהרערס, און קיין געפֿיהרטע, און וועלכע הייסט אמת און וואהרהאַפטיגקייט. צום ערשטען מאָל (דער „ממזרח־וממערב" פֿון ר. ב ר י י נ י ן האָט אפילו דאָס אייגענע געוואָלט, האָט אָבער ניט ד י בעזעסענקייט געהאַט) טרעט אַרויס אויף אונזער קליינער יודישער וועלטיל אַ זשורנאַל, וועלכער וויל ניט צורייסען דעם נאַטירליכען בונד פון קונסט, וויסענשאַפט און גייסטיגען לעבען. דער „השלח",— ווי גרויס זיין ווערט איז נאָך עד היום,— האָט דאָס ניט געוואָלט צוגעבען. לאָמיר האָפֿען דאָס דער „הדור" וועט האָבען אַ בעסערע מַעֲרָכָה, ווי דער „ממזרח־וממערב" און וועט אונז חאָטש געבען די העלפֿט וואָס ער האָט אונז צוגעזאָגט. דער ערשטער נומער איז דערווייַלע ניט בעזונדערס געראָטען.

עס ליעגט פֿאַר מיר הצפירה נומ. 287 און איך קען זיך ניט גענוג אָנקוקען אויף די זייטע 1066, אויף וועלכער עס שטעהען געדרוקט די שטאָלצע פֿרייע ווערטער פֿון דר. ש. ב ע ר נ פֿ ע ל ד. איך וויל ניט אַריינגעהען אין די אורזאַכע וואָס האָט אַרויסגערופֿען דר. בערנפֿעלד'ס בריעף צו נ. סאקאלאוו. ה. בערנפֿעלד ריהרט אויך אָן די מעשה וואָס האט געטראָפֿען אין „ראשון לציון", וואָס צו ליעב א רבי'ל האט מען חול־המועד ניט געלאָזט פֿערקויפֿען וויין לויט דער בעשטעלונג פון ענגלישען שיף, וואָס האָט זיך נור אויף א קורצע צייט אָבגעשטעלט ביי י פ ו, און שרייבט: „איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, צוליעב אַזעלכע מנהגים, וועלען מיר אַלע נעהן פון דער וועלט! און בשעת איך קוק זיך צו צו אַזעלכע ווילדקייטען קלער איך, דאָס די היינטיגע יודישקייט האָט פֿערלאָרען איטליכעס אידעאל. פֿון איין זייט זעה איך אַ מין געצענדיענעריי וואָס איך קען דאָס ניט פֿערטראָגען און פֿון דער אַנדערער זייט זעה איך די „רעפאַרמירטע יודישקייט", וואָס איז אין גאַנצען מעהר ניט ווי א שפּילכעלע. איך און מיינע אויפֿגעקלערטע ברידער קענען אין אַזא יודישקייט ניט אַטהעמען, דערביי אָבער האַלט איך מיך פֿעסט אָן מיין נאַציאָן און אָן מיין גלויבען. צי טאָר איך דערנאָך ניט קלערען און פֿאָרשען און זוכען אַ נייען אידעאל פֿאַר די יודישקייט?! צי דען איז נאָך ניט גענוג וואָס איך שווייג און צעפּע ניט די „הייליגקייט" פון פֿאָלק, און זוך נור פֿאַר מיר און מיינסגלייכען אַ פֿרישעס אידעאל?

צי מוזען מיר זיך דוקא בענוגענען דערמיט וואָס „בשר בחלב" איז א האַרבע עברה, אַז פֿאַר גאָלען באָרד און פאות איז מען ווערט מלקות! מיין הער, ווען די גאַנצע יודישקייט וואָלט נור בעשטאַנען דערפֿון, זאָג איך זיך אָב פֿון איהר! פֿאַר אַזא יודישקייט וויל איך ניט אָפּפֿערן אפילו וואָס דער נאָגעל איז ווערט.

איך וויים וואָס די לומדים, די פֿרומע און די פֿערפֿרומטע וועלען מיר ענטפֿערען דאַרויף. אָבער צי דאַרף איך זייערע תשובות, און צי אויף זיי וואַרט איך? פֿון ווען אָן איז דאָס ביי יודען געוואָרען, דאָס מיר, די פֿאָרשער און אויפֿגעקלערטע, זאָלען זיין אַבהענגיג פֿון דעם גרויסען יודישען המון? מיר זענען אויך יודען און קינדער פון אונזער פֿאָלק, מיר ברייגנען אויך ניט ווייניג נוצען דעם פֿאָלק, און מיר וועלען זיך קלאָר מאַכען אין וואָס בעשטעהט די יודישקייט ניט ווי יענע גראָבע לומדים, אויף וועלכע דער רמב"ם האָט שוין געשריעבען „נאַרישער ווי א בהמה, און וועלכע מען קען גאָר ניט צעהלען צו די מענשען מיט אמת'ער גייסטעסבילדונג". איך בין מודה פון גאַנצען האַרצען, אַז דאָס גאַנצע שטרעבען מיינס איז צו זוכען א נייעם אינהאַלט פֿאַר די יודישקייט נייע אידעאַלען, ווייל זי איז אויסגעלעדיגט געוואָרען פון די אַלטע".

„איך בין געצוואונגען דאָס צו זוכען. איך קען ניט דערצעהלען מיין קינד, דאָס איינע פון די באַלקענס פון אונזער גלויבען, איז צו טרינקען וויין נור אַזוינעס וועלכער איז אונטער דער השגחה פֿון א רב, די „יודישקייט" האָט אַ טיעפֿערען זין, און ווען צוליעב דעם גלות האָבען מיר דעם זין פֿערגעסען, זענען מיר די „פֿאָרשער און דענקער" מחויב איהם ווידער אויפֿצוזוכען און פֿון דאָס ניי די יודישקייט צו קרעפֿטיגען"... „איך געה ניט אין קלויז דאַוונען, איך מיש זיך ניט אין קהל'שע זאַכען, אויסער וואָס איך צאָהל מיינע אָבגאַבען, איך בין ניט קראַנק און דאַרף ניט קיינעם'ס הילפֿע. אָבער איך זוך און פֿאָרש, כדי צו געפֿינען דעם גייסטיגען עסענץ אין דער יודישקייט, און דאָס וואָס איך געפֿין נויט איך קיינעם ניט אָנצונעהמען. אומגעקעהרט איך שרייב דוקא אין א שווערער שפּראַכע, כדי דער גרויסער המון זאָל מיך ניט פֿערשטעהן, וואָס האָסט דו דען צו מיר און צו מיינע חברים די פֿילאָזאָפֿען?"

אַסך וועלען נאָך געדענקען, וואָס פֿאַר אַ סקאַנדאַל עס איז געוועזן, בשעת פֿאַר עטליכע יאָהרען האָט ר' ח"ז סלאָנימסקי אָנגעריהרט אין „הצפירה" דעם נס פון חנוכה. עטליכע יאָהר זענען אַוועק און אין דערזעלבער „הצפירה" ערשיינט אַ בריעף פון ד"ר בערנפֿעלד, אין וועלכען נאָך דער מיינונג פון די פֿערפֿרומטע שטעקט הונדערט מאָהל מעהר אַפּיקורסות. ה. נ. סאקאלאוו דרוקט אָב דעם בריעף וואָרט ביי וואָרט, לאָזט קיין אות ניט אויס. ער ווייסט דאָס זיינע לעזער האָבען אין די יאָהרען אַ סך צוגעלערנט, דאָס זיי האָבען זיך אויסגעלערנט צו שעצען אויך די מיינונגען פון אַנדערע, דאָס זיי קענען שוין אַסך זאַכען געלאַסען אויסהערען. צי בעווייזט דאָס ניט, דאָס אונזערע העברעאישע ליטעראַטור ווערט פֿרייער און בעזעסענער, ציטערט שוין ניט פֿאַר דעם מאָרגענדיגען טאָג, און זוכט שוין אין די ט ע ג ל י כ ע ציימונגען צו געבען דעם לעזער דאָס וואָס ער דאַרף, ניט נור דאס וואָס איהם געפֿעלט?

צי זעהט מען ניט פון דר. בערנפֿעלדס בריעף, דאָס עס בילדעט זיך שוין ביי אונז ווי ביי אַנדערע פֿעלקער די נעשטאַלט פֿון אַ געדאַנקען מענשען, וואָס פֿערטהיידיגט מוטהיג דאָס וואָס איז איהם ליעב און טהייער. ביז ניט לאַנג האָבען מיר נור געהאַט איין איינציגע געשטאַלט, אחד־העם. פֿון דר. בערנפֿעלדס בריעף זעהען מיר אַרויס, דאָס אחד־העם איז שוין לאַנג ניט אַליין, ער ווירקט און קריעגט איידעלע האַראַקטערפֿעסטע חברים.

א. ע.

# יודישע שטעדט און שטעדטליך.

די הייליגע חברה.— בעווארענט זיך.— דאס קליינע ש"ס-ל.— א נייע חברה.

אונזערע פערשיעדענע חברות אין די קליינע שטעדטליך האבען זיך מעהר אדער וועניגער פערבעסערט, זיי זעהען ניט אויס ווי צוריק מיט הונדערט אדער מיט פופציג יאָהר, די צייט האט געטהון איהרס, די מענשען זענען געווארען אנדערש, דאס לעבען האט זיך געביטען און די חברות אויך. נור איין חברה, וואס געפינט זיך אין יעדען יודיש שטעדטיל, שטעהט אויף איין ארט, זיך ניט געביטען אויף קיין האר און זעהט אויס פונקט ווי צוריק מיט הונדערט יאהר, און ווי אויף געלעכטער טראגט נאך די חברה א קלינגענדיג שענעם נאמען „חברה קדישה", האטש באמת איז דאָס מעהר ניט ווי א „חברה שיכורים", יענעם'ס אומגליק איז ביי זיי א שמחה, וואו מען קען פרעסען געבראטענע גענז מיט פיפקעס און שכור'ען אהן איין אויפהער.

ווען, ווען איז די „חברה קדישה" אין די שטעדטליך ניט בעקענט מיט זייערע שענע אויפפיהרונגען, ווען עס מאכט זיך א מת אין שטעדטיל און איבערהויפט א פערמעגליכער, אדער ווי זיי רופען עס אן א פעט מת־יל".

אט וואס מען שרייבט פין זאסלאוו (וואהל גוב.) : אונזער „חברה קדישה" בעשטעהט פון עטליכע שיכו־ים. ווען עס געפינט זיך אמאל צווישען די חברים א לייטישער מענש מוז ער אויך שווייגען און צוזעהן זייערע ווילדע אויפפיהרונגען. ווי באלד זיי דערוויסען זיך אז איינער איז געפעהרליך קראנק, קלויבען זיך די חברה צוזאמען אין א שענק און מען הויבט שוין אן שכור'ען אויף דעם השבון פון דעם קראנקען, וואס דארף אין צוויי דריי טעג ארום א מת ווערען. ווען דער מת ליגט שוין אויף דער ערד, שיקט מען נאך דער טהייערער חברה, נאר זי איילט זיך ניט, די סחורה וועט פון איהר ניט אנטלויפען, קיין קאנקורענטען האט זי ניט, די שמחה ווערט נאך גרעסער און מען שכורט נאך מעהר. אויף דעם צווייטען טאג קומען זיי, די חברה'־ניקעס, און דא אין דעם הויז, וואו דער מת ליגט, רויכערט מען פאפיראסען און מען הויבט זיך אן צו דינגען, מען הויבט אן פון 500 רובעל און עס ענדיגט זיך פון 100 ביז 200 רובל ווי וואָס פאר א מת, און פאר דעם געלד זאגען זיי צו מאכען א פארקען ארום דעם בית עולם, נאר עס ענדיגט זיך אז א האלב פערשכורט מען און מיט דער צווייטער האלב צוטהיילט מען זיך. שוין א יאהר אז זיי האבען ביי די יורשים ש. גענומען 250 רובעל און צוגעזאגט מאכען א פארקען, נאר מען זעהט ניט און מען הערט ניט.

א חברה, וואס זי וויל, דאס טהוט זי, קיינער פון די בעלי בתים וויל זיך ניט אריינמישען און פרעגען, וואו עס קומט אהין דאס געלד, וואס זיי נעמען. יעדער האט פאר זיי מורא, ווייל יעדער מוז סוף כל סוף צו זיי אנקומען, און קיינער קען זיך פון זיי ניט בעווארענען. נור אין טשעכינאוועצ (גראדנ. גוב.) האט זיך געפונען א בכבודיגער בעל־הבית ה. ס., וואס האט זיך ביים לעבען געוואלט בעווארענען אז, ווען איבער הונדערט און צוואַנציג יאהר ער וועט ליגען אויף דער ערד, זאל ער ניט הערען ווי זיינע יורשים דינגען זיך מיט די „חברה קדישה" און האָט נאָך פאר א יאָהרען מיט זיי געענדיגט פאר 100 רובעל, דערויף האָט ער זיי ארויסגעגעבען א בלאַנקען וועקסעל אַז עס זאל ליגען אין קאַסע פון דער חברה און אז נאָך זיין טויט זאָל מען די 100 רובעל איינמאָנען פין זיינע יורשים. ה. ס. האט זיך ווייטער זיינע אַלטע יאָהרען געלעבט רוהיג. פלוצים בעקומט ניט לאַנג ה. ס. פאָוועסטקע פון סוד, וואו איינער ג. מיט וועלכען ער האָט קיין מאָל קיין געשעפטען נעהאַט, מאָנט ביי איהם 100 רובל.

סטאַטש גזלן ווי אזוי קומט צו דיר מיינס א וועקסעל! שרייט דער אַלטער ס. צו ג. און די מעשה האָט זיך ארויסגעוויזען ווי בוימעל אויף וואסער.

די חברה קדישה האָט געהאַט אַ שלעכט יאָהר, קיין איינציג „פעט מת'יל" איז ניט געוועזען און חברה האָט ניט געהאַט קיין טראָפען אין מויל, אין האַלדז איז טרוקען, חאָטש שטרעק ארויס די צונג. די חברה האָט אָנגעהויבען שטארק אַרויסקוקען און ווארטען ביז ה. ס. וועט זיך „אויסקלויבען", נאר ה. ס. האָט זיך ניט געאיילט און ווער ווייסט ביז וואנען עס קען געדוירען זיין „קלויבען זיך" — האָט געטראַכט די חברה— די צייט בעסערט זיך אויך ניט און אין האלדז טריקענט נאָך מעהר און דאָ איז אָנגעלאָפען ט"ו כסלו, וואָס טשערכינאָווצער חברה קדישה האָט אַ תקנה פין לאַנגע יאָהרען צו מאַכען דעם טאָג א סעודה כסעודת שלמה בשעתו און דאָ איז אין קאַסע ניט דאָ אַ קאָפיקע אויסער אַ בלאַנקען וועקסעל אויף 100 רובל. וואָס טהוט מען ? ט"ו כסלו אויך ניט נעמען קיין ביסיל בראָנפען דאָס קען ניט זיין, סיידען עס זאָל ווערען אויס וועלט און מען האָט דעם וועקסעל אַוועקגעטראָגען צו ג., וואו מען האָט איהם פערזעצט פאַר 6 שטאף בראָנפען 90־ער.

מיט איין וואָרט עס איז ניט דאָ קיין שום בעוואָרענישען אויף דער וועלט.

---

עס איז אודאי ניט שען, וואָס „חברה קדישה" שיכר'ט, נאר נאָך מאוס'ער איז וואָס גאַנצע יודישע שטעדטליך האַלטען אין איין שיכור'ען און דוקא ניט פון בראָנפען נאר פון קאָרטען וואָס פערדערבט און מאַכט קראַנק דעם מענשען ניט ווינציגער ווי בראָנפען. פין די בריעף וואָס מיר בעקומען זעהן מיר אַז אין קאָרטען שפיעלען אלע, יונגע לייט, פריילין און אפילו קינדער, מען שפיעלט אין גראָשענ'ס און אין רובלען, אין א סך רובלען. דאָס קאָרטען שפיעלען איז געוואָרען ווי עפידעמיש, מען זיצט איבער גאַנצע נעכט, די צייט און קרעפטען נעמען צו די קאָרטען. און וואונדערליך, אַזוי טהיילען זיך יודען אין יעדען שטעדטיל אויף פיעל צדדים, איין צד מיט דעם צווייטען קען ניט אויסקומען, מען קריגט זיך, אָבער ביי דעם קליינעם ש"ס'יל." גלייכען זיך אלע אויס, חסידים, מתנגדים, משכילים, ציוניסטען און די אינטעליגענץ זעצען זיך ביי איין טישיל און זענען אלע ביי איין דעה, ביי איין רעיון...

ווי מען שרייבט אונז פון פראָסקוראוו (פאָד. גוב.) איז די עפידעמיע פון קאָרטען אזוי גרויס אַז עס האָבען זיך דאָרט נעפונען אַ פאָר יונגע לייט, וועלכע ווילען מאַכען אַ חברה וואָס זאל זיך ראַנגלען מיט דעם יודישען שיכרות— קאָרטען, אַזוי ווי עס געפינען זיך חברות, וואָס ראַנגלען זיך געגען דעם שיכרות פון בראָנפען. די מיטגלידער, וואָס ווערען זיך איינשרייבען אין דער חברה, טאָרען ניט שפיעלען אין קארטען און דארפען אויף זיך נעמען מיט אלע מעגליכקייטען אָברעדען זייערע בעקאַנטע פון קאָרטען שפיעלען און וואָס מעהר מיטגלידער ווערבען. די חברה וועט אויך זוכען מיטלען ווי געזונדער און ניטצליכער צו פערברענגען די פרייע צייט אָהן קאָרטען.

ניט לאַנג האָבען די ווילנער יודען געבעטען איין פינאַנץ־מיניסטעריום, מען זאָל זיי ערלויבען אַ יודישע חברה געגען שיכרות, די חברה זאָל מעגען מאַכען אַ טהעאַטער און אבענדען פאַר דעם פאָלק. דאָס מיניסטעריום האָט ענטזאָגט זייער ביטע און געענטפערט, אז אַזאַ חברה איז גאַנץ איבריג ביי יודען, ווייל יודען שיכור'ען ניט.

דאָס איז אמת, עס איז זעהר אַנגענעהם צו הערען אַזאַ גוטע עדות אויף יודען, ווען די ווילנער יודען וואָלטען אין זייער ביטע אַנגעוויזען אַז אַזאַ חברה איז זעהר נייטהיג געגען דעם שיכרות פון קאָרטען־שפּיעלען צווישען יודען, וואָלט דאָס מיניסטעריום געוויס ניט ענטזאַגט און ערלויבט זיי די חברה.

מיר דאַרפען כלל ניט שלעפען אויף זיך פרעמדע קרענק, מיר האָבען גענוג אייגענע וועלכע מיר דאַרפען שטענדיג אָנרופען מיט די ריכטיגע נעמען און צו וועלכע מיר דאַרפען זוכען מיטלען ווי זיי צו היילען.

אמת.

---

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — די שחיטה. דער געשעפטספיהרער פון דער חברה „צער בעלי חיים" אין וויען ה' בעהרינגער וויל רודפ'ן יודען און זיי אסר'ן די שחיטה. ער האָט זיך דערום געווענדט מיט אַ צירקולאַר צו די מיטגליעדער פון דער וויענער יודישער געמיינדע, אין וועלכען ער בעוויזט אַז די שחיטה איז איין עבירה געגען רער מאָראַל, אַז דער רוב געלערנטע האַלטען, דאָס דער אופן פון יודישער שחיטה טהוט אָן צו גרויסע יסורים, און דערום פערלאַנגט ער פון די יודען אַז זיי זאָלען מבטל זיין די שחיטה. די רבנים אין וויען האָבען אויף דעם געענטפערט מיט אַ צירקולאַר צו די מיטגליעדער פון דער געמיינדע, אין וועלכען זיי שרייבען אונטער אַנדערעס, אַז חאָטש זיי זענען איבערצייגט אַז קיינער וועט נישט מיטהעלפען דעם אַנטיסעמיטישען געשעפטספיהרער פון דער חברה צעב"ח, כדי צו נייטהען יודען עובר צו זיין אויף זייער דת, פונדעסטוועגען האַלטען זיי פאַר נייטהיג צו ערקלערען, אַז נאָך מיט 6 יאָהר צוריק זענען אָבגעדרוקט די מיינונגען פון 250 חכמים, וואָס האָבען געגעבען זייער הסכמה אויף דער שחיטה, דאָס זי איז די לייכטעסטע און צוועקמעסיגסטע טערטונגסאַרט און פערדיענט אומעטום איינגעפיהרט צו ווערען. אויך די אויבערשטע מעדיצינישע אינסטיטוציאָן אין פרייסען האָט געזאָגט איהר מיינונג אַז די שחיטה איז אין אַלע הינזיכטען בעסער ווי אַנדערע שעכטאַרטען, אויף גרונד פון דער מיינונג איז די שחיטה שוין לאַנג איינגעפיהרט געוואָרען אין די פאַבריקען, וועלכע מאַכען קאָנסערוועען פאַר מיליטער. דער ה' בעהרינגער האַלט זיך אויך פאַר פעהיג צו לערנען די יודען אַז זיי זענען נישט מחויב צו האַלטען די שחיטה. מיר האַלטען דערום פאַר אינזער חוב צו זאָגען אַז די שחיטה איז אַ מצוה פון דער תורה, א. ז. וו.

*

**רוסלאַנד.** = די פערברייטערונג פון דער טשערטאַ. די פעטערבורגער ציטונגען זענען מודיע, אַז די קאָמיסיאָן, וועלכע איז געזעצט געוואָרען פון מיניסטעריום כדי איינצופיהרען אַ שטעדטישע אַדמיניסטראַציאָן אין דערפער און צו מאַכען פון גרויסע דערפער שטעדט האָט איינגעלעגט איהר אַרבייט נישט האָבענדיג זי געענדיגט. די זאַך האָט מען איצט איבערגעגעבען דעם ווירטשאַפטליכען דעפּאַרטאַמענט פון מיניסטעריום דעם אינערען, וועלכער לעגט פאָר, אַז מען זאָל ביסליכווייז איבערענדערען גרויסע דערפער אויף שטעדט. מען האָט אויך אכט געגעבען אויף דער טשערטאַ, וואו יודען מעגען וואָהנען. ווי עס איז ידוע, האָבען יודען דאָס רעכט צו וואָהנען נור אין שטערט און שטעדטליך, וועלכע זענען דאַדורך פול מיט יודען, וואָס קענען איבער דער ענגשאַפט נישט געפינען זייער חיונה. כדי צו פערגרעסערען אביסיל די טשערטאַ פון יודען, האָט דאָס מיניסטעריום בעשלאָסען צו איבערענדערען אייניגע דערפער אויף שטעדט, און האָט זיך דערום געווענדט מיט אַ ביטע צו די גובערנאַטאָרען, אַז זיי זאָלען אָנווייזען, וועלכע דערפער קענען ווערען געמאַכט פאַר שטעדט. אין פאַל ווען די גובערנאַטאָרען וועלען געפינען, אַז אין די דערפער איז נישטאַ די נייטהיגע תנאים איינצופיהרען אין זיי אַ שטעדטישע אַדמיניסטראַציאָן, וועט דער ווירטשאַפטליכער דעפּאַרטעמענט זיי דאָך בעטען אָנצוווייזען די דערפער, וועלכע עס וואָלט ווינשענסווערט געוועזען צו מאַכען פאַר שטעדט, כדי דאַדורך צו פערברייטערען די „טשערטאַ" פאַר יודען.

*

**דייטשלאַנד.** = אַ פסק-דין. דאָס שטראַפגעריכט אין פּאָזען האָט אויסגעמשפּט דעם רעדאַקטאָר פון דער פּאָליטישער ציטונג Postęp קיצשמאַרעק צו בעצאָהלען 100 מאַרק שטראָף, דעם מאָליאַר קנימירקעוויץ און בעדנאַר סניאַדעצקי — יעדען צו בעצאָהלען 150 מאַרק שטראָף, דערפאַר ווייל זיי האָבען אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף פרוי ראָזענפעלד פון פּודעוויץ.

אין דער ציטונג Postęp איז געוועזען געדרוקט די ידיעה אַז פרוי ראָזענפעלד האָט צוזאַמענגענומען דאָס בלוט פון איהר קריסטליכער דיענסטמיידיל וואָס איז אַרויס פון אַ וואונד, וועלכע זי האָט זיך אַליין געמאַכט, און אַז בעהאַלטענדיג דאָס בלוט פון דער מיידיל האָט זי געזאָגט: „דאָס בלוט דאַרפען מיר האָבען".

*

**ארץ ישראל.** — אין ירושלים איז געעפענט געוואָרען אַ מוזעאום פון אַלטע זאַכען, וועלכע מען האָט געפונען אין ארץ-ישראל, גראָבענדיג אין דער ערד.

— די חברה יק"א האָט בעשלאָסען צו עפענען אין ירושלים נעבען דער שולע פון דער אַליאַנס אַ שפּינערייַ און פערבערייַ פון וואָל, בוימוואָל און זייד. אַ ירושלים'ער יונגער מאַן איז געשיקט געוואָרען קיין בערלין כדי אויסצולערנען זיך די מלאכה. 2 מיידליך זענען אויך געשיקט געוואָרען קיין בריסעל, כדי צו לערנען זיך דאָרט די אַרבייט פון שטיקערייַ, און נאָך זייער צוריק קומען וועט אין ירושלים געעפענט ווערען אַ שטיקערייַ פאַבריק.

די חברה „כל ישראל חברים" האָט אָנגעהויבען בויען אין קוואַרטאַל „נחלת ציון" — 30 הייזער, פאַר די בעלי מלאכות, וועלכע האָבען געלערנט אין דער האַנדווערק אָבטהיילונג פון איהר שולע. די בעלי מלאכות וועלען ביסליכווייז אויסצאָהלען דעם ווערט פון די הייזער אָהן פּראָצענט.

— קיין ירושלים איז געקומען ה' ש. י ע ל י ן, וועלכער האָט פאָריגעם יאָהר געענדיגט דעם יורידישען פאַקולטעט אין דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער אוניווערזיטעט, און נאָכהער געפאָהרען קיין בערלין, כדי צו הערען לעקציעס אין דאָרטיגען אוניווערזיטעט. יעלין איז דער ערשטער געלערנטער אַדוואָקאַט פון די ירושלים'ער יודען.

— דער קאָמיטעט פון די קאָלאָניסטען אין „זכרון יעקב", וועלכער בעשטעהט פון 8 פּערזאָן, איז אַרויסגעפאָהרען קיין פּאַריז, כדי צו שטעלען זיך פאַר דעם קאָמיטעט פון דער חברה יק"א און צו בעטען, אַז ער זאָל מבטל זיין די גזרות פון דעם נייען אַדמיניסטראַטאָר ה' פּאַריענטי.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאַנד.** — האַנדעלס-ידיעות. פון 1901 יאָהר וועט זיין אַ נייער טאַריף פאַר נאַכנאַהמען וועלכע מען מאַכט אויף סחורות וואָס ווערען געשיקט פער באַהן: פאַר נאַכנאַהמען ביז 200 ר' וועט מען צאָהלען צו $1/2$ ק' פון יעדען רובל אַזוי ווי פריהער; פון 200 ביז 1000 צו $1/4$ ק' פון רובעל, פון 1000 ביז 2000 ר' וועט מען צאָהלען 2,50 ר' און פון מעהר ווי 2000 ר' 1/8 ק' פון רובעל.

— די קאָמיוואָיאַזשערען פון די לאָדזער און מאָסקווער סוחרים, וועלכע זענען אַרויסגעפאָהרען מיט פראָבען זומער-סחורות, זענען מודיע נישט קיין גוטע נייעס. בעשטעלונגען איז דאָ ווייניג. די קונים זענען זעהר פאָרזיכטיג ביים קויפען, בכלל איז זעהר שטיל אויף די האַנדעלסמערק אין די מזרח לענדער. נאָר די סוחרים פון מיטעלאַזיען און פּערסיען קויפען און גרייטען אָן אויף זומער.

— פראָוויזאָרישע קורסען פאַר פרויען. די געזעלשאַפט פון רוסישע דאָקטוירים אין מאָסקווא האָט בעקומען איין ערלויבניש צו גרינדען פראָוויזאָרישע קורסען מיט אַ לאַבאָראַטאָריום. דאָס לערנען אין די קורסען וועט דויערן 2 יאָהר און עס וועלען ווערען אַריינגענומען פרויען, וועלכע האָבען אַ צייגניס, דאָס זיי זענען געוועזען די בעשטימטע צאָהל יאָהר אין אַפּטייקען. פרויען וועלען אָנגענומען ווערען אָהן אונטערשייד פון רעליגיאָן, די, וועלכע ענדיגען די קורסען, בעקומען אַ דיפּלאָם וואָס גיט זיי דאָס רעכט צו האַלטען עקזאַמען אויף פּראָוויזאָר אין דער מעדיצינישער פאַקולטעט.

— פון פּעטערסבורג טעלעגראַפירט דער קאָמיטעט געגען דזשומע אַז אין דאָרף וולאַרימיראָווקע (אַסטראַחאַנער גיב.) זענען אין אַ צייט פון פיער וואָכען (פון 4-טען נאָוועמבער ביז 2-טען דעצעמבער) געשטאָרבען פון אַ אונבעוואוסטע קראַנקהייט 9 מענשען. ביז יעצט זענען אין אַסטראַחאַנער גובערניע קראַנק געוואָרען 19 מענשען, פון זיי זענען געשטאָרבען 15. די רעגירונג האָט אַהין געשיקט אַ בעוואוסטען פּראָפעסאָר זאַבאָלאָטנע צו ערפאָרשען די קראַנקהייט און פאָרגענומען מיטלען, אַז די שרעקליכע קרענק זאָל זיך ניט פערברייטערען.

— לויט דעם פּראָיעקט פון דער קאָמיסיאָן, וועלכע בעקלערט וואָס פאַר ענדערונגען מען דאַרף מאַכען אין די מיטעלשולען, וועט דאָס לערנען פון די נייע שפּראַכען (דייטש פראַנצויזיש) ווערען אַ חוב.

— פון נייאָהר אָן וועט די ממשלה עפענען 6 נייע קאָמערץ-שולען.

— דאָס מיניסטעריום פון פאָלק בילדונג האָט ערקלערט, אַז די וואָס ענדיגען אַ קאָמערץ-שולע און ווילען אָנקומען אין אַ אַפּטייק, דאַרפען האַלטען עקזאַמען נור פון לאַטיינישער שפּראַך אַליין.

*

**דייטשלאַנד.** — רעפאָרמען אין דייטשע אוניווערזיטעטען. עס ווערט פאָרגעשלאָגען איינצופיהרען נייע געזעצען אין די מעדיצינישע פאַקולטעטען, כדי פערגרעסערען די קענטניסע פון דאָקטוירים: 1) דער קורס פון לערנען אין מעדיצינישער פאַקולטעט ווערט פערגרעסערט פון $4\frac{1}{2}$ יאָהר אויף גאַנצע 5 יאָהר, „ווייל די איינצעלנע צווייגען פון וויסענשאַפט האָבען זיך פערגרעסערט. און ווייל

עס איז נייטהיג איינצופיהרען נייע ספעציאליטעטען; 2) יעדער דאקטאר מוז נאך דעם ענדיגען פראקטיצירען במשך פון 1 יאהר אונטער דער השגחה פון פראפעסארען, און נאכהער ערשט בעקומט ער א דיפלאם; 3) די וועלכע ענדיגען רעאלשולען ווערען צוגענימען אין מעדיצינישען פאקולטעט, גלייך מיט די וועלכע ענדיגען דאס גימנאזיום.

— רעאלשולען. אין דייטשלאנד איז שוין דער פראיעקט ניט לאנג אויסגעפיהרט געווארען דורך א בעפעהל פון קייזער ווילהעלם, אין וועלכען ער שרייבט „אז מיר דארפען ערציעהען אונזער יוגענד נישט פאר רוימער און גריעכען, נאר מאכען זיי פאר מענשען, וועלכע זענען צוגעגרייט צו די היינטיגע סארדערונגען פון לעבען". די רעאלשולען בעקומען דערום דיזעלבע רעכטע ווי די גימנאזיען. אויסערדעם ווערט אויך אין די גימנאזיען פערקירצט דאס לערנען פון די אלטע שפראכען און אין די ערשטע 6 קלאסען וועט מען אנשטאט לאטיין און גריכיש לערנען די ענגלישע שפראך. די עקזאמענס וועלען אין גאנצען בטל ווערען און עס וועט נישט מעהר בלייבען ווי איין עקזאמען ביים ענדיגען די שולע.

*

**פראנקרייך.** — די צייטונג Office de Travail ברענגט א חשבון פון די ארבייטער-סטרייקען (סטאצשקעס) וועלכע זענען געוועזן אין פראנקרייך במשך פון יאהר 1899. סך הכל איז געוועזן 740 סטרייקען, אין וועלכע עס האבען זיך בעטהייליגט 176,826 מענשען. די סטאצשקעס זענען געוועזן אין 4290 פאבריקען און דאביי האט מען פערלארען ארבייט צייט 3,550,734 טעג. ביי 180 סטרייקען האבען די ארבייטער אויסגעפיהרט וואס זיי האבען פערלאנגט, ביי 282 — האבען זיי אויסגעפיהרט נור א טהייל פון זייערע פאדערונגען און ביי 278 סטרייקען איז זייער לאגע ערגער געווארען.

---

= **דאס ריינינגען פון דער הויט.** דר. א. קאזערסק האט געהאלטען אין ווארשויער מוזעום א רעפעראט וועגען ריינהאלטען פון קינדער. נאכדעם ווי ער האט ערקלערט ווי די הויט איז געבויט האט ער גערעדט וועגען ריינינגונג פון דער הויט. שמוץ און אומריינינקייט איז זעהר שעדליך צום גוף, פערשטעלענדיג די קליינע עפנונגען פון דער הויט, וועלכע ברענגען ארויס דעם שווייס, און אריינברענגענדיג פערשיעדענע מיקראבען אין גוף. אבער מען דארף אויך וויסען ווי צו וואשען דעם קערפער פון קינד, ווייל דאס וואשען מיט זייף, וועלכע ענטהאלט פיעל זאדא אדער נאר מיט זאדא אליין נעהמט צו ביי דער הויט דאס אויסעווענינגסטע פעטס און פערדערבט די הויט. קליינע און אויך גרעסערע קינדער דארף מען וואשען מיט ריינע וועניגסטענס געקאכטע, ווען נישט דיסטעלירטע, וואסער, און דער זייף דארף ענטהאלטען פעטס (גליצערין). די כלים, אין וועלכע מען וואשט דאס קינד, און אויך די הענד פון דער מוטער, וועלכע וואשט דאס קינד, דארף זיין זעהר ריין און אבגעריבען מיט שפירט, בעזונדערס דארף מען אכטונג געבען אויף ריינקייט, ווען די הויט פון קינד האט שפאלטען אדער וואונדען.

די הויט רעגולירט די ווארימקייט פון גוף, ווייל דורך דעם שווייס גיט זי ארויס היץ און זי נעהמט אויך אריין אין זיך היץ. די הויט אליין איז אבער אליין נישט גענוג צו שיצען דעם קערפער געגען וועטער. עס איז נייטהיג דערום צו טראגען קליידער, וועלכע זענען צוגעפאסט צו די יאהרעסצייטען. די קליידער דארפען זיין לייכט, ברייט און ווארם. לייכטע קליידער איינער אויף דעם אנדערען שיצען בעסער דעם קערפער ווי איין ווארם קלייד. דער מלבוש דארף זיין געראום און מען טאר נישט אנטהון קינדער ענגע קליידער, א גארטעל, א קארסעט, זאקען בענדליך א. ז. וו. וועלכע שטערען דעם פרייען בלוטלויף. די וועש דארף מען אפט אומבייטען. מען דארף צוגעוועהנען קינדער פון דריטען יאהר אן צו וואשען זיך מיט קאלטע וואסער, כדי צו הארטעווען די הויט.

= **היגיעניע פון אויערען.** דר. שיטלאנסקי האט געהאלטען א רעדע אין ווארשויער מוזעאום וועגען געזונדהייט פון אויערען. די ווילדע מענשען האלטען לאנגע אויערען פאר שען, און כדי צו מאכען זיי לענגער הייגען זיי אן אויף זיי אוירינגליך, וועלכע גרייכען ביז די קניה. עס איז זעהר א שלעכטער מנהג צו לעכערען די אויערען פון מיידליך, כדי אנצוטהון אויף זיי אוירינגליך, נאר צום גליק ווערט דער מנהג ביסליכווייז בטל צווישען די געבילדעטע פעלקער. מען וואלט דארפען אין גאנצען אונטערברייננגען דעם ווילדען מנהג.

בשעת דאס קינד איז נאך יונג האט ער זעהר א דין און ערעל אויערעל. אפילו א ווייך היטעלע אויפ'ן קאפ וועלכעס דריקט די אויערען שטערט זיי צו וואקסען. א וועטהיג אין די אויערען ביי קינדער קומט אפטמאל דערפון, וואס די געטרייע מיטער רייניגען צו פיעל די אויערען ביי די קינדער ארויסנעהמען פון זיי דעם וואקס, עס איז גענוג צו וואשען די אויערען נאר פון אויסענווייניג. ווען מען שטעקט אריין וואטע אין א געזונטען אויער, קומט דערפון איין אנצינדונג. עס איז אויך שעדליך צו קראצען און צו בוירען אין די אויערען, צו געבען א שטארקען קלאפ נעבען דעם קינד'ס אויערען, אדער צו קושען דאס קינד אין די אויערען. מען דארף אויך נישט וואשענדיג אריינשטעקען דעם קאפ איבער די אויערען אין וואסער. עס איז שעדליך פאר דעם חוש השמע (נעהער זינן) צו שלאפען אויף דעם רוקען און מיט איין אפען מויל.

---

# דאס יודישע לעבען.

## לויט די יודישע פאלקס ליעדער. *)

---

### א.) ביים וויעגעל.

איין אבקלאנג פון עלטערע דורות:

וואס דארף זיין א יוד? — א יוד א למדן!

די תורה האט קיין גרונד; און, מישטיינס געזאגט וואס מען קען אויסלערנען, אז מען לעבט אין גאנצען זיבעציג יאהר!

איין גליק איז נאך, וואס „לא עליך המלאכה לגמור" — ביסט נישט מחויב אויסצולערנען די תורה, דו דארפסט נור זיצען און לערנען... זייט דו הויבסט אן אלף-בית, ביז דו זאגסט ודוי...

דערפאר איז דאס לערנען דער זיכערסטער וועג צום גן עדן!

דערווייל שלאף יונגעלע —

אונטער דיין וויגעלע
שטעהט א גאלדען ציגעלע.
ס'ציגעלע איז געפאהרען האנדלען
ראזינקים מיט מאנדלען...

אזוי זינגט די בלאסע מוטער, נישט לאנג פון קינד-בעט אראב.

און וואס פאר א נחת וויל זי אין קינד דערלעבען? זי וויל נור —

דאס קינד זאל לערנען תורה;
תורה איז די בעסטע סחורה...

אויף טהייל ערטער זאגט מען צו דעם יונגעלע, א חוץ ראזינקים מיט מאנדלען אויך „פייגען", אבי ער זאל זיין שטיל, ווייל:

„דער טאטע האט געהייסען שווייגען!.."

אויף טהייל ערטער איז מען יוצא מיט „פלעצליך" מיט פוטער", אפילו מיט „ברויט מיט פוטער"...

אויף אנדערע ערטער פערלאנגט מען פון קינד אביסיל מעהר ווי „זיצען און לערנען".. עפיס גרויס זאל דערפון ארויסוואקסען:

תורה וועסט דו לערנען,
ספרים וועסט דו שרייבען;
א גוטער יוד א פרומער,
אם ירצה השם, דאך בלייבען.

און יונגערהייט זאל ער ווייזען גרויס:

תורה וועסט דו לערנען,
זיין מיט אלע מעלות;
און נאך צו דער חתונה
וועסט דו פסק'נען שאלות.

נאר דאס איז שוין פאר אויסגעוועהלטע קינדער, וואס ווערען רייך ערצויגען; אזוינע פסק'נען שאלות, און זאגען אויך דרשות...

די דרשה וועט געפעלען
דער גאנצער וועלט...
ווייל אזא יונגעלע
קאסט א מאסע געלד.
קאסט א מאסע געלד
און מזל, און ברכה;
דאס קינד קומט ארויס
פון א שענער משפחה...

---

*) יודישע פאלקסליעדער אין רוסלאנד. געזאמעלט און ארויסגעגעבען מיט א הקדמה פון ש. מ. גינצבורג און פ. ס. מארעק. אויסגאבע פון „וואסחאד" פעטערבורג 1901.

ער וועט דאָך די משפחה נישט פערשעמען!

דער חוב, מַדְרִיךְ צו זיין דאָס יונגעלע צו דער תּוֹרָה, פאַלט אויפ'ן פאָטער. און וועה איז אַזוינעם, וואָס האָט עס נישט געטהון.

דער טאַטע, וואָס האָט זיין קינד נישט געלערנט,
וואָס נאָט האָט געבאָטען;
טהוט מען איהם דאָרט, אויף יענער וועלט,
ברענען און בראָטען!

דער יָתוֹם קען איהם דאָך אויסלייזען פון גֵיהִנֹם. ער דאַרף נור זיצען און לערנען.

דעם יתום זינגט מען:

זעה, מיין קינד, לערן תּורה,
זאָלסט זיך מיהען;
דעם טאַטען דיינען פון גיהנום
ארויס צו ציהען...

דעם קינדס תּוֹרָה גרייט אויך אָן דער מוטער אַ ליכטיגען גַן־עֵדֶן.

די אַלְמָנָה זינגט:

און אַז איך וועל אויך אַמאָל דאַרפען אויף יענער וועלט געהן,
וועלען די טוירען פון גן־עדן אָפען פאַר מיר שטעהן!
דו, מיין קינד, זאָלסט זיין
אַ פרומער און אַ גוטער;
מ'זאָל זאָגען דאָרט: אַריין
לאָזט דעם צַדיק'ס מוטער!...

---

וועניגער פערלאַנגט מען פון אַ „שַׁעֲשֻׁנִי כִּרְצוֹנוֹ".

אַ מיידיל איז געבאָרען געוואָרען,— אַ קלענערער מַזָל טוֹב,— אַ קלענערער נַחַת...

תּוֹרָה וועט זי נישט לערנען. דריי מִצְוֹת אין גאַנצען וועט זי האָבען, העכסטענס וועט זי קענען דאַווענען, ליינען תְּחִנוֹת, „צְאֶינָה וּרְאֶינָה", צי דעם „מְנוֹרַת הַמָאוֹר" אויף עברי־טייטש.

נענוג, אַז איהר מאַן וועט זיצען און לערנען...

זאָל זי איהם מְפַרְנֵס זיין אויף דער וועלט און זיין זיין פיסענ־בענקעלע אויף י ע נ ע ר וועלט.

אונטער שרה'לעס וויגעלע
שטעהט אַ קלאָר־ווייס ציגעלע —
שוין נישט קיין גאָלדענס?
ס'ציגעלע איז געפאָהרען האַנדלען
ראָזינקאַליך מיט מאַנדלען;
דאָס איז די בעסטע סְחוֹרָה,—
ש ר ה' ל ע ס ה ָ ת ָ ן וועט לערנען תּוֹרָה...

פאַר שרה'לען האָט מען נאָך אַפילוּ קיין עקסטרא ליעדעל נישט געמאַכט; פון „יאַנקעלען" האָט מען איבערגעמאַכט אויף שרה'לען; זי וועט אויך לעבען אויף זיין נוּסח, און — אין זיין זְכוּת!

אין שפּעטערע צייטען זינגט שוין די מאַמע:

דו וועסט לערנען ביכעליך,
דו וועסט שטריקען טיכעליך...
נאָר דאָס איז די צייט, ווען —
„אין זאָל
„וועט זיין אַ באַל
„וועסט מאַכען מיט די קליידעליך אַ ווינד!.."

---

דאָס אַלץ וועט זיין שפּעטער; דערווייל מוזען קינדערליך שלאָפען.

פון שלאָף קומט צו געזונד, עס דערפרישען זיך די כּחות; אַז מען שלאָפט „שטעהט מען אויף ווידער מיט געזונדע גלידער!" —

איי־ליו, ליו־ליו־, ליו־ליו,
שלאָף שוין מיין גדולה;
מאַך שוין צו דיינע
ד'אייגעליך, די פיינע,—
מאַך זיי צו און מאַך זיי אויף,
און שטעה געזונד און פריש מיר אויף!

אָדער:

שלאָף שוין שלאָף אין דיין רוה,
מאַך די כּ ש ר' ע אייגליך צו,
מאַך זיי צו, מאַך זיי אָפען,
ווער געזונדערהייט ענטשלאָפען!

אַפּילוּ די צַדְקָנִית, וואָס וויל, מען זאָל איהר אין זוהנס זכות עפענען די טויערען פון גן עדן, בעט זיך:

שלאָף, מיין קינד, שלאָף מיין קינד,—
זאָלסט מיר רוהען, זיין געזונד!

און וואָס מען זאָגט אַלץ נישט צו דעם קינד, עס זאָל נור רוהיג שלאָפען!

שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט ברענגען איין עוף...
ער וועט ברענגען איין עפּעלע,
עס זאָל געזונד זיין דיין קעפּעלע!

אַ סך זאַכען וועט דער טאַטע ברענגען:

— „אַ ניסעלע (ערגיץ אַנדערש — אַ שיסעלע), עס זאָל געזונד זיין דאָס פיסעלע. איין ענטעלע, עס זאָל געזונד זיין דאָס הענטעלע, אַ יאַכעלע — אַ רְפוּאָה פאַר'ן בייכעלע, פייגעליך (אָדער: בייגעליך) געזונד זאָלען זיין די אייגעליך", אפילו „אַ העזעלע פאַר'ן נעזעלע"...

אויב דאָס קינד וויל נישט שלאָפען, איז אַ חֲשַׁד אויף איין עַיִן הָרָע:

„איך זאָל וויסען, ווער עס קומט אַהער,
איין עין הרע געבען;
(וואָלט איך זיי פערשאָלטען:)
אַראָב פון דיין גוּף, און אויף זיי אַרוף
אויפ'ן גאַנצען לעבען!

אַ פערשלאָפענע מאַמע זינגט האַלב פערדרהיסליך, האַלב מיט אַ ישוּב:

וואָס איז פאַר אַ שטייגער,
צוועלפען דער זייגער,
און שלאָפסט נאָך נישט איין!
קיין אַנדערע סְדרא,—
עס איז איין עין הרע
ס'קען אַנדערש נישט זיין!
ווען ס'וואָלט נישט זיין שפּעט,
וואָלט איך אַראָב פון בעט,
און וואָלט איין עין הרע אָבשפּרעכען...

און שלאָפען דאַרף מען שטיל, ליגען רוהיג, בִּפְרַט אַ מיידיל,— אַ צְנוּעָה:

וואָס וואַרפסט דיך אַרום?
וואָס ליגסט דו קרום?

---

פאַלג מיך, ליג בעסער גראַד!
דו מעגסט מיר גלויבען,
מען וועט דיך לויבען:
אַ שענע, אַיין ערליכע מאַד (מויד).

וויינען איז גאַר קיין יושר נישט:
פיעשציעסט זיך און וויינסט
און שלאָפען ווילסט דו ניט;
מאַכסט דאָך אָן דיין מוטער
שמערצען מיט דער מיט!
זינגען גור און וויעגען,
איז דיין גאַנצער גרונד!
שלאָף שוין, שלאָף שוין, קינד,
שלאָף שוין, שלאָף געזונד!

און, אויב דאַס קינד לאָזט זיך ניט איינגעמען מיט גוטע רייד מאַכט מען עס אַ מוֹרָא", דעם יונגיל, וואָס וועט וויסען אַמאָל, ווענינגס־טענס ל"ג בְּעוֹמֶר, פון כְּלֵי זַיִין, זאָגט מען:

די באָבעס מיט די דזיאדים
טהוען אין ד'רויסען זיצען;
מיט די ברייטע שווערטען,
מיט די לאַנגע שפיעזען!
אַ יונגעלע וואָס מ'האַט
ווייינדענדיג געפונען,
האָבען זיי געהאַפּט,
געוואָרפען אין ברונען!

דעם מיידעלע איז מען יוצא מיט חיות רָעות:

זשאָבים מיט בערען
טהוען אין דרויסען זיצען;
מיט די הויכע שטעקען,
מיט די לאַנגע שפיצען!
אַ מיידעלע, וואָס וויינט נור,
וויל נישט רוהיג זיין;
נעמט מען עס און חאַפּט עס
אין טאָרבעלע אַריין!

נאַטירליך, אויב מען פערטוישט דעם נוסח, איז ניט קיין געפאַהר!

און פאַר וואָס זאָל אַקינד נישט שלאָפען?

איין עלטערער מענש, אויב ער האָט עפּיס אויפ'ן האַרץ, האָט אָפּט פַּחד איינצושלאָפען! אַז מען שלאָפט אַיין פליהט אַרויף די נְשָׁמה און שרייבט די עֲבֵירות איין אין די ביכער!

אָבער דו, מיין קינד,
דו האָסט נאָך קיין זינד,
קענסט שלאָפען רוהיג און זיכער!

און "אַז דאָס קינד ליגט און שלאָפט אין זיין וויגעל, קומען גוטע מַלְאָכים און בעדעקען איהם מיט זייערע פליגעל" אָדער —

דער שלאָף דער גוטער,
אַזוי ווי אַ היטער
שטעהט ביז אין דער פריה
ביי דיין וויגעלע;
מיט זיין פליגעלע
דעקט ער דיך שטענדיג צו

---

וואָס גאָט האָט בעשערט, אַ מיידיל צי אַ יונגיל; די מוטער האָט ליעב איהר קינד!

"אַז זי וואָלט געהאַט דעם מֶלֶךְ'ס אוֹצָרות מיט זיין גאַנצער מְלוּכָה, וואָלט איהר אָליך נישט געווען אַזוי נִיחָה".

ווי דו ביסט מיר ניחה, מיין ליכט און מיין שיין,
אַז איך דערזועה דיך, מיין איך, — די גאַנצע יועלט איז מיין.

אלע ברילאַנטען מיט אלע אַנטיקען, קענען איהר האַרץ נישט אַזוי דערקוויקען, ווי, אַז דאָס קינד ליגט און שלאָפט אין זיין וויגעל און מלאכים בעדעקען עס מיט זייערע פליגעל...

און אַזאַ מוטער, וואָס וואַכט ביי נאַכט ביי דער שיין פון לְבָנָה און שטערן, איבערן וויגעל פון יונגסטען קינד, און הערט דאָס רוהיגע שטילע עטהמען פון די עלטערע קינדער, — פאַלט איהר איין, אַז איהרע קינדער זענען ווי די שטערן אין הימעל און אַז זי וואַכט איבער זיי, ווי די לבנה...

די לבנה פאַסט אויף די שטערן,
ווי דער פאַסטוך אויף זיינע שאָף;
ס'זאָל חָלִילָה ניט געמינערט ווערען,
שלאָף מיין עופ'עלע שלאָף!

— — — — — — — — — — — — — — — —

נישט אַלע קינדער קומען אויף דער וועלט מיט דעמזועלבען מַזָל..
נישט אַלע שלעפּט די מוטער איין מיט ליעדער!
אָרימער יתום! דיין מאַמע איז אין קינפּיט געשטאָרבען.
דאָס קינד ליגט אויף דער ערד מיט אויסגעוויינטע אויגען;
די מאַמע ליגט אויף דער ערד די פּיס אויסגעצויגען...
דאָס קינד ליגט אין וויגעלע און חלש'ט צו זויגען;
די מאמע ליגט אין קֶבֶר מיט שאַרבענס אויף די אויגען!
ווער וועט דיר מיין קינד, פוצען און גלעטען?
ווער וועט דיר, מיין קינד, דאָס וויגעלע בעטען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, פוצען און ציערען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, אין חדר אַריין פיהרען?
ווער וועט דיך, מיין קינד, מאַכען פאַר אַ מענשען?
און, אונטער דער חופּה, ווער וועט דיך בענשען?
נישט צו זיין אַ יתום! עס קרעכצט דער רעפרען פון ליעבע:

נישט דאָ קיין מאַמע,
נישט דאָ קיין נְחָמָה!

און קיין מוטער וועט קיינער דעם קינד נישט פערטרעטען! —
איך בין אויסגעפאָהרען אויף אַלע שיפען איבער אַלע יַמ'ען;
איך האָב געמיינט ד'וועל קריגען קויפען פאַר'ן קינד אַ מאמען...
קיין מאַמען בעקומט מען נישט צו קויפען!

— — — — — — — — — — — — — — — —

נישט גוט איז אויך דעם יתום אָהן אַ טאַטען!
דער מַלְאָך מיט זיין פליגעלע
דעקט דיך ביז עס טאַגט
און ביי דיין עלענדען וויגעלע,
דיין מוטער זיצט און קלאָגט!

זי קלאָגט, וואָס זי האָט "דאָס קינד געבאָרען אויף צרות און אומגליק, און שמערץ..." וואָס דער פאָטער איז געשטאָרבען, ווען דאָס קינד איז "נאָך געוועזען אונטער איהר הערץ.."

ווען ביסט אַרויס פון דיין בליהונג,

איז ער שוין ביי אונז נישט געווען;
מיין קינד, דו האסט ניט קיין פאטער,
ער האט ניט דערלעבט דיך צו זעהן!

שלאף, ארימער יתום! „דיין גרויס אונגליק פערשטעהסט דו נישט!" אז דו וועסט אויסוואקסען וועט עס קומען צו דיר אויף זיעבען וועגען! מיט דיין מוטער — דער ארימער אלמנה, צוזאמען, וועסט דו וויינען און קלאגען... נישט דא דיין שפייזער!

מיין קינד, דו וועסט עלטער ווערען,
שווער וועט דיר אנקומען ס'ברויט,
דו וועסט דיך בעגיעסען מיט טרעהרען,—
ווייל דיין פאטער איז טויט!

דאס לעבען וועט זיין א מין „שווימען אין קאלטען וואסער, איבער ימים"... קאלט וועט מען דיך בעגעגנען, קאלט וועט מען דיך אבשלאגען: ווייטער, ווייטער!

דו וועסט, אויפ'ן ים וועסט דו שווימען,
די פאליעס וועלען טראגען אוועק!
צו'ן א ברעג וועסט דו נישט קומען,
נישט צושלאגען זיך צו'ן א ברעג!

„געה ווייטער! געה! דו ביסט אונז פרעמד!" וועט מען דיך טרייבען...

און „גערופענע אויף יענער וועלט קומען נישט צוריק"...

פריה איז ער געשטארבען, און אזוי פיעל האפנונג אויף נחת האט זיין טויט צערשטערט... עס איז א ליעבע געוועזען... ע ר האט זיך ווי א מ ל ך, זי ווי א מ ל כ ה געפיהלט... א לעבען ווי אין א וויינגארטען. און דאס קינד? דאס פייגעלע אין דער נעסט?....

שלאף קינד!

א מאל איז געוועזען א מעשה,
די מעשה איז גאר נישט פריילין
די מעשה הויבט זיך אנ'עט
מיט א יודישען מלך!
אמאל איז געווען א מלך,
דער האט געהאט א מלכה...

„די מלכה האט געהאט א וויינגארטען, אין וויינגארטען איז א בוים געוועזען, אויפ'ן בוים — א צווייג, אויף דער צווייג — א נעסט".

די נעסט האט געהאט א פייגעלע
דאס פייגעלע האט געהאט א פליגעלע!
א ריין שטיל גליק! וואס קומט ארוים? —

דער מלך איז אבגעשטארבען;
די מלכה געווארען פערדארבען,
די צווייג איז אבגעבראכען,
דאס פייגעלע — ענטלאפען...

און וואס פאר א מזלווארט דאס פייגעלע אויף דער וועלט?
ווי נעמט מען אזא לייטער
פון טויזענדער מיילען;
ווי נעמט מען א מענשען,
ער זאל שטערן ציילען?

איין גאט ווייסט!

דאס ליעד האט איין רעפרען:
ליולינקע, מ י י ן פ י י ג ע ל ע, ליולינקע, מיין קינד!
אנגעווארען א ז א ל י ע ב ע, וועה איז מיר און ווינד...
און צום סוף?
ליולינקע, מיין פייגעלע, ליולינקע, מיין ווינד!
וואו נעמט מען אזא דאקטאר, וואס היילען זאל מיין ווינד!

---

אויפ'ן בית עולם שטעהט א מצבה,
איהר גרייס איז פון א שפאן;
עס זיצט דארט א יונג ווייבעלע,
בעקלאגט איהר יונגען מאן...

זי קלאגט וואס ר'איז געשטארבען,
געלאזט איהר א קליין קינד,
איהר לעבען איז פערדארבען —
ווי אהן א פאסטוך א רינד!
און אפשר איז ערגער דער פערלאזטער?
שלאף, מיין קינד, שלאף,
דיין טהייערן שלאף!
זאל גאט איהם בעצאהלען,
שיקען זיין שטראף:

עס איז נישט דא קיין עפעלע
אהן א ווערמיל דרינען,
און ס'איז ניט דא קיין מאנספערשוין,
אהן קיין פאלשע זינען...

איך האב גענייט א קליידעלע, —
פ י נ ף א ר ש י ן ד י ב ר י י ט...
קיין גוטס זאלען די ניט האבען,
וואס האבען אונז צושיידט...
ער האט זי גענארט; איין אנדערע גענומען....

(פארטזעטצונג קומט). בן־תמר.

---

## בארג אראב.

(ענדע)

הנה דערצעהלט:

..... די קעכין איז ערגיץ ארויסגעגאנגען, איך בלייב איינע אליין אין קיך, אויף דער מאמען ווארט איך, זי דארף נאך מיר קומען.

— רבקה, שלאגט זי זיך פלוצים איבער—ווען האבען מיר גע־געסען הירש מיט האניג?

— נעכטען! ענטפערט רבקה מיט איין אונהיימליכער שטימע.

— איז עס טאקי געוועזען נעכטען... יא נעכטען... זיץ איך אזוי און זופ טהיי. די קעכין גיט מיר שטענדיג טהיי... ווען איך קום גיט זי מיר טהיי... און דארט איז א מחיה טהיי צו טרינקען... מיט א זילבערן לעפעלע, עס גלאנצט... פון דער טהיי ווערט אזוי ווארם אין אלע איברים... און צוקער הערסט דו—אריינגעלעגט. איך וויל טרינקען צוגעביסען, די רעשט אהיים נעמען, גיט זי נישט, די קעכין, זי זאגט: צוקער איז פאר דיר געזונד, זאגט זי... און קוקט, איך זאל אריינלעגען אלע דריי שטיקער! א פונט צוקער קריעגט זי דארט די קעכין; יעדע וואך א פונט צוקער! אחוץ וואס זי נעמט זיך אליין. די מאמע זאגט... זי נעמט פון דער זילבערנער פושקע וואס שטעהט אין דער ערשטער שטוב... אפען שטעהט זי, איך האב אליין געזעהן! נאר איך וועל נישט נעמען... אויף דער פושקע איז דא א הירש. די פימסענהאליץ האט מיר אליין געזאגט, אז עס איז א הירש. מיט אזוינע גרויסע, געדרייטע הערנער... איין אמת'ער הירש.

— הכלל דו זיצסט אין קיך? מינטערט זי רבקה.

— יאָ, זיץ איך אויפ'ן בעט... אויפ'ן שענעם בעט... אוי, האָט עס די קעכין אַ בעט! דריי גרויסע קישען, ווייסע ציכליך, ווי שניי... געשטיקטע לאַנגעטען, עס קוקט אַרויס רויט... גרויסע פּערל־מוטערנע קנעפּ, ווי פּערציגער גרויס! אַ געשטעפּטע אַטלעסענע קאָל־דרע, אין מיט'ן אַ גרויס ראָד ווי אַ ברינע! אַרום און ארום גרויסע אָדלער מיט פליגעל... פון אויבען נאָך אַ גרינע, זיידענע קאַפּע... אַ גאַנצע פּריצה'טע איז זי, די קעכין, נאר אַ גוטע. בעט מיך זעצען אויפ'ן בעט צופיסענס... שאַרט אַוועק די קאַפּע מיט דער קאָלדרע... זי האָט מיך ליעב, זאָגט זי, און ווייסט דו פאַר וואָס, רבקה?

— פאַר וואָס?

— זי האָט אויך, זאָגט זי, געהאַט אזא מיידיל ווי איך... נישט חנה האָט זי געהייסען, נור אין מיינע יאָהרען... געשטאָרבען איז זי... האָט זי מיך ליעב!

— וואָס האסט דו אַ ציטער געטהון, רבקה?

— עט, גאָר נישט... דערצעהל ווייטער, חנה...

— איך זיץ און זופּ טהיי... און זי קומט אריין...

— ווער?...

— די געשלאָגענע כלה...

— וואס? די געשלאגענע —

— האָסט נישט געהערט? — די מאמע האט דאך דער־צעהלט! יאָ, יאָ, מען שלאָגט זי, ווייל זי וויל נישט דעם חתן —

— אהא! – נו הכלל — זי קומט אריין — ?

— זי קומט אריין — אַ בלאַסע, רויטע אויגען — הערסט, רבקה, אין שטוב טראגט זי אַ בלאַה־זיידען קלייד, אַ שפּאָנעל נייעס, מיט רויטע פינטעליך — הינטען שלעמפּערן זיך נאָך צוויי לאַנגע, ברייטע, אטלעסענע, אויך רויטע, שאַרפען, אונטען בענייט מיט שוואַרץ־זיידענע פרענז — און ברליאַנטענע אוירינגליך — פערקעמט איז זי גאָר אויסטערליש — אַ קרענציל הויך, איבערן קאָפּ — אין מיטען קרענציל — אַ טויב מיט צוויי אויסגעשפּרייטע פליגעל, — פערשטעהסט? פון די האָהר אויסגעלעגט! די בייהאָהר פערנומען הינטען מיט אַ גאָלדענער קלאַמרע; פון פאַרענט — אַגאָלדענע שפּיל־קע, אפשר צוויי! ביים פּאַסיק ווייטער אַ גאָלדענע קלאַמרע — אַ פערבלענדעניש! ווי זי גיט זיך אַ ריהר, גיך ווי אַ בליץ!

חנה שטאָקט.

— און שוין?

— וואַרט — עס איז אַ גרויסער סוד, רבקה! און זי גיט צו מיט שרעק: גאָט וועט שטראָפען, אז דו וועסט חלילה אויסזאָגען.

רבקה פערזיכערט זי אז זי וועט נישט אויסזאָגען.

חנה לעגט רבקה'ן אונטער די האנד, דריקט איהר קאָפּ נאָהנטער צו זיך און דערצעהלט ווייטער מיט נאָך אַ שטילערער, נאָך אַ טיעפערער שטימע.

— זי דערזעהט מיך און פאלט צו מיר צו מיט אַ געוויין, —

- וואָס האָט זי פון דיר געוואָלט?

— אַ טובה האָט זי געוואָלט פון מיר!

— אַ טובה? זי פון דיר אַ טובה?

— שטעקט מיר אין דער האַנד אריין אַ האַלבען רובל — דעם האַלבען רובל האָב איך נאָך נעכטען אָבגעגעבען דער מאַמען— און נאָך עפּיס.—

— וואָס נאָך חנה'שי!

„חנה'שי" אין רבקה'ס מויל איז אַ זיכערער שליסעל צו עפּע־נען חנה'ס האַרץ.

אַ בריעף — אַ בריעף זאָל איך איהר אָבגעבען — בסוד סודות. —

— און דו בעשטעהסט?

— וואַרט — זי לערענט מיך אויס אויסענווענדיג דעם אַדרעס. איך קען דאך נישט לעזען: הערמאַן, דעם צווייטען נאָמען האָב איך שוין פערגעסען — די גאַס אויך — נאָר דאַכט זיך, נומער פּירציג —

— האָסט גענומען און אָבגעגעבען? פרעגט רבקה מיט אַ פערבאָרגענעם שרעק.

— נישט אַזוי געשווינד, ענטפערט חנה נאַיוו — איך האָב פריהער געבלאָנדזעט.

דאָס אינטערעסירט אָבער נישט רבקה'ן.

— עס איז אַ בחור? פרעגט זי שאַרף.

— מן הסתם — וויים איך?

— וואָהנט אַליין. —

— דאַכט זיך — יאָ ער אַליין האָט מיר געעפענט, איך האָב נור אַ דריק געטהון דאָס ווייסע קנעפּיל — זי האָט מיך עס אויס־געלערנט. —

— ער האָט צוגענומען דעם בריעף. —

— צוגענומען.

— געגעבען תשובה?

— תשובה האָט ער נישט געגעבען — ער וועט שרייבען אויף דער פּאָסט, זאָגט ער, נאָר ער האָט זיך זייער דערפרעהט מיט'ן בריעף, ער האָט פאַר גרויס פרייד מיך אריינגענומען אין שטוב, גע־זעצט אויף אַ בענק'ל...

— נאָך וואָס?

— פאַר גרויס שמחה! ער האָט מיר אפילו געגלעט די האָר — אַזוי ווי די מאַמע טהוט אַמאָל — אַ יום טוב צי שבת, ווען זי האָט צייט. —

דערנאָך האָט ער געלאַכט און האָט מיך אפילו געקושט... אין מויל אריין, גלייך אין מויל אריין... דערנאָך די אויגען... שע־נע אויגען זאָגט ער, האָב איך...

רבקה ליגט ווי פערשטאַרט...

חנה פערטראַכט זיך אַביסיל, דערנאָך ענדיגט זי!

— נאָר שפּעטער, אז ער האָט געוואָלט מיר עפענען דעם בו־זעם און אריינשטעקען די האַנד, האָב איך מיך עפּיס פערשעמט און בין ענטלויפען... ער האָט פערגעסען צו פערמאַכען די טיהר...

— געלויבט איז גאָט, געלויבט איז גאָט... שעפּצעט רבקה. מיט אַ פערשטיקט געוויין...

— וואָס זאָגסט דו, רבקה...

— גאָר נישט, חנה...

— זאָג נור, רבקה, נאָך וואָס האָט ער עס געוואָלט אריינ־שטעקען..

— שוויינ! שפּרינגט רבקה אויף מיט שרעק.

— — — — — — — —

צום גליק הערט נישט דער אַלטער. ער איז פערטיעפט אין זיין תהלים. ער זאָגט אַ פסוק און פערטייטשט באַלד:

„זיי האָבען קיין, וואָהר וואַרט אין מויל... אינערוויינינ, אין האַרץ הייסט עס, האָבען זיי אַ בראַך... זייער האַלז איז איין אָפען

קבר... אַ גרוב הייסט עס, איינצושלינגען... און אַ גלאַטינע צונג האָ־
בען זיין..."

רבקה הערט זיך איין מיט אַ בלאַס פּנים און פֿערביסענע צייהן...

חנה קוקט זי אָן דערשראָקען... ל. פּרץ.

---

## די ריהרענדע דְרָשָׁה.

דאָס שטעדטעלע ק. האָט געהאַט מזל צו מגידים; עס פֿלעגט ניט אַוועק די וואָך, איבערהויפּט ווינטער־צייט, אַז עס זאָל ניט קו־מען אַהין אַ מגיד און בענליקען עס מיט אַ פֿיער־פֿינף דרשות. די טיהרען פֿון גרויסען בית־המדרש, זענען געווען פֿערשמירט גראָב מיט מודעות, וועלכע פֿלעגען זיך אָנהויבען מיט איין נוסח „היום ידרוש"; און די שטאָדט—גויה, וואָס פֿלעגט וואַשען אַלע ערב־פּסח די טיה־רען פֿלעגט נעביך גענוג בעדאַרפֿען האַרעווען אום אָבצושייערען די איינגעגעסענע פֿערטריקענטע קליי, וועלכע מען האָט געשמירט פֿון דער פֿולער האַנד אויף קהל׳שע הוצאות.

דאָס שטענדיגע הערען מגידים האָט זעהר שטאַרק אויסגע־פּיינערט און ענטוויקעלט דעם געשמאַק ביי די צוהערער: עס האָבען זיך בעוויזען אין שטעדטיל בעזונדערע טאַלאַנטען „מבקרים", וואָס פֿלעגען מיט גרויס געפֿיהל און בריה־שאַפֿט אָבשאַטצען יעדען מגיד נאָך זיין ווערט. די מבקרים פֿלעגען האָבען אַ גרויסע ווירקונג אויפֿ׳ן איבעריגען עולם, און מען האָט געדאַרפֿט דערום האָבען אַ שטאַרקע קראַפֿט צו קענען „נעהמען" דעם ק.־ער עולם. זיי פֿלעגען זיך ניט שעמען אויסצוזעצען פֿעהלער אין אַזעלכע מגידים ווי דער סקידלער, דער ווידלער, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט אַגרויסען רעש „אויף דער וועלט", ווי עס איז בעוואוסט פֿון די גאַזעטען. אויפֿ׳ן גרויסען מטיף, ליעבערמאַן, וואָס מיט איהם האָט ממש געקלונגען, האָבען זיי נור געזאָגט, אַז ער זאָגט „ניט שלעכט", אָבער ניט נתפּעל געוואָרען — זיי האָבען בעסערע געהערט!...

מאוס פֿלעגט דאָרט, נעביך, אָבשניידען אַ מגיד פֿון די „פּוס־געהער", וואָס פֿיהרען זייערע דרשות צו פֿיס: שווער פֿלעגט איהם אָנקומען ביז וואַנען ער פֿלעגט פּועל׳ן בייים שמש צו „זאָגען" און אויף מאָרגען פֿלעגט איהם דערזעלבער שמש, אפילו ניט מחילה בע־טענדיג, גאָר אָפען איבערגעבען אַז דער עולם פֿערלאַנגט ניט מעהר זיינע דרשות. דערביי פֿלעגט ער איהם אין האַנד אריינריקען אַ פּאָר גילדען וואָס האָט זיך אויפֿגעקליעבען אין דער „קערה". אויב דער מגיד פֿלעגט האָבען די העזה, נאָך אַזאַ קליינעם שכר־תורה, זיך אַ קרום צו טהון, פֿלעגט איהם דער שמש ענטפֿערען: דאָס שטעדטיל איז גרויס, דאָס איז געווען דער פּשט; „איהר קענט נאָך געהן איבער די הייזער"...

איין מאָל האָט געטראָפֿען, אַז איינער פֿון דעם סאָרט מגידים פֿון די „פּוס־געהער", האָט אָנגעמאַכט גאָר אַ גרויסען רעש מיט זיי־נער אַ דרשה. ער איז געקומען ווינטער, אין האַלב־שבט, מאַנטאַג פֿריה נאָכ׳ן דאַווענען. ער איז אַריין אין גרויסען בית־מדרש אַהן אַ פּעקיל, ווער ווייסט וואו ער האָט עס אין שטעדטיל איבערגעלאָזט, נאָר דער שמש, וועלכער איז געווען געניט אין מגידים, האָט מיט׳ן ערשטען קוק פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז ניט פֿון די געהויבענע מגידים: געוויס אַ „פּוס־געהער" און ער האָט זיך אויף איהם [אפילו נישט אומגעקוקט. דער מגיד האָט זיך אַרום איהם אַרום געדרעהט אונטער־ברומענדיג עפּיס אַ טרויריג גמרא־נגונ׳דיל, עס איז געווען קענטיג, אַז ער וויל זיך פֿאָרשטעלען פֿאַר׳ן שמש, נאָר ער וויל, אַז פֿריהער זאָל איהם דער שמש געבען שלום. אָבער דער שמש האָט זיך קאַלט־בליטיג געטהון זיינע אַרבייט: פֿערשלאָסען די ספרים שראַנקען, אויס־געלאָשען די לאַמפּען, אויסגעזידעלט אַ פּאָר יונגע ישיבה־בחורים, וואָס זיי רויכערן און אויפֿ׳ן אורח זיך אַליין ניט אומגעקוקט. און דער אורח האָט זיך אַליין אומגעדרעהט און אומגעדרעהט ברומענדיג זיין גמרא ניגונד׳יל... ענדליך האָט דער אורח נישט אויסגעהאַלטען, ער איז שטיל צוגענאַנגען צום שמש און שוואַך אַרויסגערעדט:

— שלום עליכם... איך בין אַמגיד —

— עליכם־שלום, האָט דער שמש איהם קאַלט געענטפֿערט און געוואָלט אַוועק געהן.

— וואָס, מען וועט קענען זאָגען? האָט דער מגיד פֿערהאַלטען דעם שמש מיט אַ פֿראַגע.

— דאָס וועל איך זעהן שפּעטער, מנחה־צייט, האָט דער שמש מיט אַ טאָן פֿול גרויסקייט געענטפֿערט.

נאָר דעם מגיד, וועלכער איז שוין אָביסיל שטאָלצער געוואָרען דערהערענדיג אַז האָפֿענונג איז פֿאַרהאַן, האָט זיך ברייט געשטעלט און געזאָגט:

— איהר דאַרפֿט וויסען אַז איך האָב יענע וואָך געזאָגט אין מינסק און גאָט צו דאַנקען איך האָב דאָרטען „נושא־חן" געווען, איך בין ניט חלילה פֿון די גראָשענע מגידים...

— אויב אַזוי, האָט דער שמש געענטפֿערט ווייכער שוין, קענט איהר „זאָגען", ממה־נפשך דער עולם וועט הערען.

און באַלד איז שוין געווען אויפֿ׳ן טיהר צוגעקלעפּט אַ מודעה „היום־ידרוש" א. ז. וו.

אין שטעדטיל האָט מען זיך דערוואוסט, און נאָך מנחה האָט זיך שוין דער עולם צוזאַמען געקליעבען פֿון אַלע קלייזליך — אין גרויסען „בית־מדרש".

דער מגיד איז אַרויף ווי דערשראָקען אויפֿ׳ן בימה, אַ קוש גע־געבען דעם פּרכת, אַ בלעטער געטהון דאָס ספר׳ל, וועלכען ער האָט מיטגענומען און האָט מיט אַ שוואַכען ניגון, אַזינג געטהון:

— „רבותי! שלמה־המלך קומט צו געהן אין משלי און זאָגט אַזוי:

דער מגיד האָט געמאַכט שלמה־המלך ווי דער אמת איז פּאַר אַ גרויסען חכם, נאָר אויפֿ׳ן פּסוק האָט ער אָנגעפֿרעגט פֿינף האַרבע קשיות און, אום זיי צו פֿערענטפֿערען, האָט ער געבראַכט אַ מדרש, אַ צוויי אַגדתות, דריי „רבי־בר־בר־חנא", אַ שטיק פֿון „יערות־דבש" ער האָט אַלץ געמישט און געמישט, נאָכהער האָט ער געבראַכט אַ משל פֿון אַ בן־יחיד, וואָס איז געפֿאָהרען למדינת־הים. בכלל ער האָט די דרשה אָנגעצויגען אויפֿ׳ן הויכען שניט, ער האָט ערטערווייז פֿער־טראָגען צו גרויסע מגידים. נאָר דעם עולם האָט עפּיס די דרשה ניט גענומען, עס איז שווער געווען צו דערקלערען די סבה דערפֿון: צי דער ניגון איז זיי נישט געווען געפֿעלען צי אפשר איז געווען שולדיג אין דעם זיין באָרד. זיין ניגון איז געווען שטיל, נאָר גענוג טרויעריג, און איז אַריין געפֿאַלען ערטערווייז אין אַ עכט יודישע הייזעריגקייט: די באָ־רד זיינע איז געווען טאַקי ניט קיין שענע, ניט קיין לאַנגע באָרד פֿון אַ מגיד ווי דער עולם האָט ליעב. די „צוהערער" האָבען מינוטענווייז פֿערלאָר־ען אַלץ מעהר דאָס געדולד, אויפֿגעהערט צו קוקען איהם אין מויל אַריין און די מבקרים האָבען זיך צוואָרפֿען מיט מיינונגען:

— גאָר ניט קיין זאָגער.

— נישטאָ וואָס צו הערען.

— ער האָט גאָר קיין צונג ניט.

— ער האָט גאָר קיין קול נישט.

— ער פּלוידערט.

— עט....

און אין בֵית מִדְרָש האָט אָנגעהויבען צו זומען, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, ביז עס איז אין אַ גערודער איבערגעגאַנגען. איינינע וואָס שטעהען נאָהענט נעבען בִּימָה, רוקען זיך צוריק, צוריק, און אַרום דעם מגיד ווערט אַלץ מעהר ליידיגער פּלאַץ, אָט איז שוין אַ שטיק קיילעכדיגער ראָד לעדיג... הינטען רודערט, דער שַׁמָש פּאַטשט...

און דער מגיד שטעהט אויפ'ן בימה אַ דערשראָקענער; דאָס גערודער, דאָס פּונאַנדערגעהן זיך, דאָס פּאַטשען פֿון שַׁמָש שלאָגט איהם אַראָב פֿון וועג און ער טומעלט זיך אין די רייד: אָנשטאָט שלמה הַמֶלֶךְ זאָגט ער דָוִד הַמֶלֶךְ, אנשטאט „דער מדרש" זאָגט ער „דער זהַר" און פֿערקעהרט, ער פּערחאַפּט זיך צוריק, נאר דאָס פֿערבעסערט נישט, עס ווירקט נאָך ערגער אויפ'ן עולם, וואָס האָט ליעב עס זאָל געהן גלאַט; ביסליכווייז צוגעהט זיך דער עולם, די נעהנטערע רוקען זיך אָב, אַנדערע געניצען... דער גַבָּאי זאָגט דעם שמש אויפ'ן אויער: שוין צייט מַעֲרִיב צו דאַווגען, נאר ער זאָגט עס אַזוי שטיל, אַז דער מגיד הערט עס: אפילו דער אַלטער משה ד׳ר קרעמער וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען אַיין דְרָשָׁה נישט דורכגעלאָזט, וואָס שטעהט שטענדיג האַרט נעבען בימה און קוקט אין מויל אריין יעדען מגיד און חאַפּט אונטער בעקאַנטע ווערטער פֿון פסוקים, וועלכע דער מגיד ענדיגט ניט, פֿערלאָזענדיג זיך אויפ'ן עולם'ס לומדות,-אפילו ער ניט אויך אַ געניץ דעם מגיד גלייך אין מויל און ריקט זיך אָב ניט ווילענדיג אַ שטיק ווייטער.

און די דרשה ווערט אַלץ מעהר אָבגעריסען און צופלאָנטעט. דער מגיד שטעהט דערשראָקען. עס איז קענטוג, אָז ער זוכט איין עֵצה, ווי צו בערוהיגען דעם שטורם, אַז דער עולם זאָל זיך ניט צוגעהן. ער בעט זיך עס זאָל זיין שטיל, ער איז מבטיח, אַז באַלד באַלד איז ער מסַיֵם, נאר ער קען נישט אַרויס קריכען, ער האָט זיך צו שטאַרק פֿערדרעהט אין פסוקים, אגדתות און מדרשים, קענטיג ניט נאָך זיין כח.. דער טומעל וואַקסט, אָט דאַכט זיך שפּרינגט אַרויס איין עזות־פנים און שרייט: גענוג שוין—מ׳דאַרף שוין מעריב דאַוונען.. דער מגיד מאַכט מיט די הענד, וואַרפּט זיך אום אין אַלע זייטען, ווי ער וואָלט עפּיס זוכען אַ וואָרט, וואָס זאָל קענען פֿערהאַלטען און בערוהיגען דעם עולם, זיי זאָלען איהם אויסהערען.. זיי זאָלען זיך ניט צוגעהען.. נאָר נישטאָ אזא וואָרט!..

פּלוּצים האַקט זיך אָב די דרשה, דער מגיד ווישט זיך דעם שוויים און קוקט מיט שטאַרקע בליקען אויפ'ן עולם, און באַלד ברעכט ער אַרויס איבער'ן בית־מדרש מיט זיין פֿערצווייפעלטער הייזעריגער שטימע:

— רבותי! איך בין איין יוד פֿון אַכט קינדער, איך בין שוין פֿון דער היים אַיאָהר, איך האָב זיי געלאָזען אָהן אַ גראָשען געלד.. זיי הונגערן דאָרטען אוודאי. רבותי, רחמנים בני רחמנים, האָט רחמנות אויף אַ טאַטען פֿון אַכט קינדער..

אין בית־מדרש איז שטיל געוואָרען ווי אויף אַ בית־עולם. אַ שוידער איז דורך־געלאָפען יעדערן איבערן לייב. צייט מגידים האָבען אין ק.. געזאָגט האָט נאָך קיינעם אזוי נישט געראַטען צו ווירקען אזוי שטאַרק אויפ'ן עולם. אפילו דער רב, וואָס איז בטבע אַ שונא מגידים, וואָס שלאָפט שטענדיג אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ'ן סטענדער, ווען דער מגיד זאָגט, האָט זיך דערפֿון אויך אויפגעחאַפּט, אַרויס געלאָזען אַ טיעפען זיפץ, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געמורמעלט: נעביך, נעביך.—

און איין „מבקר", האָט מיט אומעדיגע בליקען אַקוק געטהון אויפ'ן צווייטען און געפֿרעגט:

— האָסט געהערט?

— יאָ. האָט יענער טרויעריג געענטפֿערט.

— נו: אַ וועלטעלע, האָט אַ דריטער געזיפצט. און דאָרט הינטערן בימה, וואו די קערה שטעהט, איז געוואָרען אַ שטופּעניש. דאָס האָט יעדער זיך געשטויסען צו דער קערה אַריינוואַרפען זיין נדבה פֿאַר'ן מגיד. עס זענען געפֿלויגען גריוונעס, גילדענס און פֿערציגערס.

און אויפֿמאָרגען זענען צוויי שענע בעלי־בתים אַרומגעגאַנגען איבער'ן שטעדטיל צוזאַמען קלויבען געלד; עס איז פֿאַר זיי גענוג געווען נור אויסצורעדען, אַז עס איז פֿאַר'ן נעכטיגען מגיד, אַז מען זאָל זיי טראָגען די נדבה אַנטקעגען. די שענסטע נדבה האָט געגעבען יענער „מבקר", וואָס האָט נעכטען געזאָגט אויפ'ן מגיד, אַז ער פּלוידערט; אַריינקוקענדיג צו די גבאים אין דאס רויטע פּאַטשיילכען, וואס דאָס געלד איז געלעגען, האָט ער מיט הארץ געזאָגט:

— עס איז אַ יושר אויפֿצוקלויבען וואָס מעהר; מילא קען ער ניט זאָגען, אָבער אַ רחמנות איז דאך. פֿאָרט, אַ יוד א למדן — איהר ווייסט — האָט ער געענדיגט צוהיצענדיג זיך אביסיל — איך וואָלט וועלען, אַז היינט זאָל מען מיר איהם שיקען אויף וועטשערע. איך וואָלט זיין זעהר צופֿריעדען!

— ניין! האָט איין נבאי געענטפֿערט. יענקיל לייבעס האָט איהם שוין פֿערבעטען, נאָך אין דער פֿריה ביים דאַוונען.

יענקיל לייבעס איז דערזעלבער „מבקר" וואָס האָט נעכטען אויפ'ן מגיד געזאָגט אז ער האָט גאָר קיין מויל נישט.—

אברהם רייזען.





Verlag „Achiasaf", Verantwortlicher Red. M, Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrukerei Josef Fischer Krakau.

## ווּיכטיג פיר ציוניסטען!!!

**נאָטען פיר די נייע יודישע נאַציאָנאַלע לידער, נעמליך:**

| | |
|---|---|
| 1) עור לא אברה תקותנו (עס לעבט אונזער האָפנונג). | 5) ציונס-ליעד. |
| 2) שם במקום ארזים. | 6) צוריק אהיים. |
| 3) ארץ אבותי. | Toward & Zion (7 |
| 4) ייא צעדער. | .My Father Land (8 |

דיא פראכפאָללע נאָטען, וועלכע קאָסטען נור 9 פענס (35 קאָפּ׳) און מיט די ליעדער צוזאמען 1 שיללינג (50 קאָפּ׳) איז צו בעקימען אין די רעדאַקציאָן „Die Welt“ אין וויען, און ביי פערלאַג „אחיאסף“ אין ווארשא, און ביי דעם פערלעגער ר. מאזין בוכהענדלער אין לאנדאָן וועלכער איז דער הויפט אַגענט פיר די גרעסטע בוכהאנדלונגען פון איירופא אין אמעריקא, און ביי איהם איז דער גרעסטער אויסוואהל פון אַלער האנד ספרים און ביכער, אין אלע מאָדערנע שפראכען, אויך אַלער האנד מעטהאָדעס לעהרער ביכער, בריפען שטעלער און ווערטער ביכער, צו לערנען זיך ענגליש, העברעאיש, דייטש, פראנצויז אזיוו, אלער האנד בילדער, פערשיעדענע ציטונגען, אויך די יודישע וואָכענטליכע צייטשריפטען „דער יוד“ און „די וועלט“ און אלע ציוניסטישע בראָשורען. יעצט איז ערשינען 2 נייע בראשורען, פאריזער יודישע אויסשטעלונג, און אין וואס ליגט אונזער הילף, פרייז 1½ פענס (6 קאפ׳). ספר נצח ישראל פון זאב שור בעל „הפסגה“ משיקאגא. דער ספר ענטהאלט 173 בלעטער ער איז איינער פון די וויכטיגסטע ספרים, פרייז 5 שיללינג (2.50 רו״כ). ספר רפואות להרמב״ם איבערגעשריבען פון די שריפטען פון בריטש מוזעאום אין לאָנדאָן, פרייז 1 שיללינג מיט 4 פענס (70 קאפ׳).

**די אדרעסע:**

**R. MAZIN, BOOKSELLER**

100 old Montague str. London E England

עקסטרא בעקאנטמאכונג. קירצליך ערשיינט אין מיין פערלאג, גרופענבילד פון אלע דעלעגאטען פון 4-טען ציוניסטען קאָנגרעס אין לאָנדאָן.

---

### אין ביאליסטאק

איז צו אבאנירען אויף די צייטונגען „השלח“, „הדור“, „דער יוד“, „המליץ“, „הצפירה“, „די וועלט“, Биржe. Вѣдомости, Восходъ, Будущность, НИВА, אד״ג, און אויך צו בעקומען אלע ספרי אחיאסף ביי שמואל ליפשיץ

לויט אדרעסע:

Книжный Магазинъ Ш. Я. Липшицъ, Бѣлостокъ.

---

**4-й Годъ** **Открыта подписка на 1901 г.** **Изданія.**

**на еженедѣльную**

**литературно-политическую и научно-популярную газету,**

**посвященную евреямъ, Востоку и окраинамъ**

# „РОССІЯ и АЗІЯ“

**Идея изданія гуманное отношеніе къ человѣчеству.**

**Между прочимъ въ 1901 году будетъ помѣщенъ переводъ „Фишки Хромого“ Абрамовича и рядъ статей по опредѣленію отношеній между еврействомъ и христіанствомъ. Подп. цѣна въ годъ 5 руб., съ пер: 6 руб., загран. 7 руб. Адресъ редакціи: Кіевъ, Святославская, д. 11, кв. 6.**

**Редакторъ-Издатель прив. доц. А. Н. Гренъ.**

---

### פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין אקורצע צייט דורך בריעף אין זארגאן, רוסיש און דייטש. די מעטאָדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען. אויף תשובה א מארקע. ניט זוימט און פרעגט אן ביי:

**Варшава, Госпожѣ Бертѣ Найдичъ.**

---

**1901.** **Открыта подписка на** **1901.**

# ХХ г. „СУДЕБНУЮ ГАЗЕТУ“ ХХ г.

**еженедѣльная газета безъ предварительной цензуры съ безплатнымъ приложеніемъ**

Сборника рѣшеній Уголовнаго и Гражд. Кассаціонныхъ Департаментовъ и общаго Собранія Правительствующаго Сената

„Судебная газета“ будетъ, по примѣру прошлыхъ лѣтъ, давать на своихъ страницахъ критическое обсужденіе законовъ, какъ дѣйствующихъ уже, такъ и вновь публикуемыхъ, причемъ для болѣе яркаго освѣщенія достоинствъ и недостатковъ отечественнаго права—матеріальнаго и процессуальнаго будетъ держаться сравнительнаго метода изложенія, приведя постановленія передовыхъ иностранныхъ законодательствъ. Памятуя ближайшія задачи спеціальнаго органа, газета наша будетъ охотно отводить у себя мѣсто разнымъ юридическимъ замѣткамъ и вопросамъ, имѣющимъ цѣлью выясненіе темныхъ сторонъ права, чѣмъ значительно облегчится положеніе провинціальныхъ практиковъ, которые какъ можно судить изъ поступающихъ къ намъ заявленій, особенно часто нуждаются въ совѣтѣ и обмѣнѣ мыслей.

**Юридическая консультація:** разрѣшеніе юридическихъ вопросовъ, сообщеніе совѣтовъ, указаній и т. п. производится или въ отдѣлѣ „Отвѣты редакціи“ или письменно по почтѣ, въ обоихъ случаяхъ на условіяхъ особаго соглашенія съ редакціею.

**ЦѢНА:** на годъ **7** р.; за границу **10** р. въ годъ.

**За границу** подписка въ разсрочку не принимается.

**Разсрочка** въ платежѣ годовой подписной платы допускается на слѣдующихъ условіяхъ: при подпискѣ вносится 4 рубля и остальные 3 рубля не позже 1 мая. **При просрочкѣ** втораго взноса высылка газеты съ 1-го мая прекращается.

Иногородные адресуются **исключительно** въ главную контору редакціи: С.-Петербургъ, Надеждинская улица, № 25; и въ отдѣленіе Конторы **С.-Петербургъ**, въ книжномъ магазинѣ юридической литературы Н. К. Мартынова, Невскій пр., 50; въ **Москвѣ**. въ отдѣленіе Конторы при книжномъ магазинѣ Н. П. Карбасникова. Моховая ул. домъ Коха.

Редакторъ-издатель **Ф. В. Де-Веки.**

---

2 וויכטיגע אויסלענדישע ארטיקלען, זעהר ניצליך אין יעדען הויז!!

1) א נאפטאווע-גאזאווע ניקלירטע לאמפע.

ברענט אָהנע צילינדער העל היגיעניש און גיעבט קיין גערוך. פערברויכט אין 12 שעה נור פיר 1 קאפ׳ קעראסין, ווייל ניר דער גאז ברענט. מיט א מילך-ווייסען קליאש און ריעשאטקע. דיענט אויך פיר אנאכט לאמפ און קליינע קוכניע, קאָכען און ווארעמען שנעל, פרייז מיט פערסילקא 2 רו״ב, אהנע קליאש 1,50 רו״כ. ווערט געשיקט מיט א קורצע בעשרייבונג דאצו.

2) געשירר פון נייעם מעטאל אליומיניום וועלכעס איז שטארק און האלט אימער דעם ווייסען זילבער קאליר מיט ביליגע פרייזען. לעפעל און גאפל 20 ק׳ פער שטיק, קאמפאט לעפעל—15 ק׳, טהעע לעפעל 10 ק׳. ביי בעשטעלונג פון 3 רוב׳ איז פריי פון פערעסילקא. און פון 6 רו״ב ווערט נאך צוגעגעבען אלס פרעמיע א ניי ערפונדענער זילבער פאראשאק מיט וועלכען יעדער קאן לייכט זילבערען מעטאל אויך אפפרישען אלטע אבגעקראכענע פערזילבערטע כלים ווי פראזשע אד״ג. לויט בעשרייבונג דאצו. דעם בעטרעף אדער אנג׳ קען מען שיקען מיט פאָסטמארקען אדער פערעוואד ביטע אויפגעבען דייטליך די פאָסטסטאנציאן און אדרעס:

М. Левину, Варшава Новолипки № 29.

---

### איבער די רקלמות

פון די האלבע-נראשענע לעהרער, אשר יציצו מעיר כעשב השדה, ווייס מען ניט צו קיין רעכטען טאלענט זיך נעהמען, ווייל ניט אלע קענען אונטערשיידען ביין תכלת לקלא אילן. מ׳דארף אבער אימער געדיינקען, אז פיר אגוטען טאלענט איז 100 רובל שכר-למוד אויך ניט טייער צו בעצאָהלען און אפילו נור אפאר רובל איז אשאדען אפגעבען ללא תועלת לאסיא דמנן מנן שויא. — ווער עס וויל זיך לערנען א מלאכה לפרנס את ב״ב, ווער עס וויל האָבען א תורה שלימה וברורה, ניט קיין בבא מעשה וועורבא פרח, זאל אנפרעגען תיכף מיט א 7 קאפ׳ מארקע לויט אדרעססע:

Я. Найдичъ, Варшава.

## יין נפן כשר לפסח, בהכשר הרבנים והגאונים בפולין וליטא.

באשר זה שנים רבות עסקתי במסחר היין של אבי ה״ר **הירש פרייגער** וגם היינות של ה״ר **משה האכפעלד** נעשו רק ע״י ותחת השגחתי בהכשר וטוב טעם, הנני מודיע, כי גם בשנה זו מוכן הנני למלאות חפץ הדורשים ממני אף הין אחד מן **90** קאפ. עד **8** ר״כ כל הין, ולהחפץ אשלה פרייז־קוראנט מכל המינים והמקחים, ויען כי יינות שנה זו מבורכים בטוב טעם, אקוה להפיק רצון הקונים עצהיו״ט.

**ХАИМУ ПРЕЙГЕРУ КИШИНЕВЪ.** חיים פרייגער.

---

Программа газеты расширена отдѣломъ

**„Телеграммы Россійск. телеграфн. агентства“.**

Открыта подписка на 1901 г. (2-й г. изд.) на газету

# „ДВИНСКІЙ ЛИСТОКЪ“.

Программа газеты слѣдующая:

1) Правительственныя распоряженія.
2) **Телеграммы Россійск. Телеграфн. Агентства.**
3) Статьи по вопросамъ мѣстной общественной и хозяйственной жизни.
4) Мѣстная хроника: отчеты о засѣданіяхъ думы, собраній, попечительствъ, правленій и комитетовъ благотворительныхъ обществъ и учрежденій, событія дня и происшествія: рецензіи о зрѣлищахъ, концертахъ и т. п.
5) Судебная хроника, безъ обсужденія судебныхъ рѣшеній.
6) Письма въ редакцію.
7) Выдержки и перепечатки изъ повременныхъ изданій.
8) Фельетонъ критическій и литературный.
9) Справочный отдѣлъ.
10) Частныя и казенныя объявленія.

**Срокъ выхода:** ежедневно 2-й и 10 отдѣлы, а по воскресеньямъ и четвергамъ — всѣ отдѣлы.

**Подписная цѣна:**

(съ доставкой и пересылкой).

| Съ телеграммами: | | Безъ отдѣльн. оттиск. телеграммъ: | |
|---|---|---|---|
| На годъ . . . | 4 р. — к. | На годъ . . . | 3 р. — к. |
| „ 1/2 года . | 2 „ — „ | „ 1/2 года . | 1 „ 50 „ |
| „ 3 мѣсяца . | 1 „ — „ | „ 3 мѣсяца — | „ 75 „ |
| „ 1 мѣсяцъ — | „ 50 „ | „ 1 мѣсяцъ — | „ 40 „ |

Подписка принимается въ конторѣ газеты,—„Двинскъ, Петербурск. ул. собств. домъ“.

*Редакторъ-Издатель* С. Янубовичъ.

---

## נייעם ! ! נייעם ! !



ברוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע היילען גרינדליך נאך קורצען געברויך, ווי עס איז איבערצייגט געווארען, אז נאך 3 מאנאטליכען טראגען, וויירד דער ברוך פאללשטענדיג אויסגעהיילט. פרייז פאן איינער זייטע 6 רובל, צווייזייטיג 10 רובל. בויכבינדען פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פיס, אונד פערשיעדענע אנדערע כירורגישע ארטיקלען — צו בעקומען נור ביים אפטישען־כירורגישען געשעפט אונטער דער פירמא: אלעקסאנדער, סענאטארסקא 22 ווארשוי.

אדרעססע:

„АЛЕКСАНДРЪ“
Сенаторская ул. № 22,
Варшава.

דא עס האט זיך געצייגט דאס מען מאכט נאך דיזע ברוכבענדער ביטען מיר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינעלע מיט'ן סטעמפעל פאן אונזער פירמא.

---

Мин. Народнаго Просв. разрѣш. къ выпискѣ въ безплатныя библіотеки и читальни.

Журналъ путешествій и приключеній на сушѣ и на морѣ

# ПРИРОДА и ЛЮДИ

вступая въ двѣнадцатый годъ изданія будетъ по прежнему неуклонно идти къ своей цѣли—быть общедоступнымъ журналомъ для семейнаго чтенія, равно интереснымъ для всѣхъ и каждаго. Постоянно возрастающее число подписчиковъ указываетъ на потребность такого рода журнала въ нашемъ обществѣ и на успѣхъ его

**ПРИРОДА и ЛЮДИ** **5** **подп. цѣна за годъ:** РУБ. безъ дост., съ дост. и перес. во всѣ города Россіи ШЕСТЬ руб., допуск. разсрочка по ОДНОМУ рублю.

Въ теченіе 1901 года **ВСѢ** подписчики **ПОЛУЧАТЪ:**

**52** иллюстр. №№ въ некоторыхъ будутъ помѣщаться выдающіяся событія всего міра, очерки и разсказы изъ исторіи, науки, путешествій и изобрѣтеній, романы и повѣсти съ массою иллюстрацій.

**12** Книгъ каждая до 200 стр. **Библіотека РОМАНОВЪ** въ которую войдутъ лучшія произведенія всемірно-извѣстныхъ авторовъ:

Пѣсной Бродяга. Габріеля Ферри, въ 3-хъ томахъ: 1) Искатель приключеній. 2) Красный карабинъ. 3) Орелъ снѣжныхъ горъ.— Приключенія Сирано-де-Бержерака. Л. Гале, въ 2-хъ том.: 1) Роковой документъ. 2) Капитанъ Сатана.—Новый Романъ Л. Буссенара: Ледяной адъ.— Послѣдній Романъ Жюля Верна: Вторая родина.— Сокровища Перу. Ром. Вэрисгофера въ 2-хъ том.: 1) Скитанія молодого бѣглеца. 2) Черезъ дебри и пустыни.—Луговые Разбойники въ Техасѣ. Ром. Герштеккера въ 2-хъ том.: 1) Подъ личною рясы. 2) Законъ Линча.—Копи Царя Соломона. Романъ Хаггарда.

**и безплатно** въ теченіе одного подписного года вполнѣ законченный, съ первой буквы русскаго алфавита до послѣдней

## Энциклопедическій Словарь,

заключающій въ себѣ болѣе 80 печатныхъ листовъ формата словарей **Брокгауза и Мейера**

**Подписка на 1901 г. открыта (XII-й г. изданія)**

С.-ПЕТЕРБУРГЪ, Стремянная, 12, собств. д.

Издатель П. П. Сойкинъ. Редакторъ Ф. С. Груздевъ.

---

## יי״ש ושפירט של פסח למבינים ולמהדרין.

הזאוואָד מיי״ש של פסח שלי, נוסד בשנת תרכ״ה, זה שלשים וששה שנים, השפירט שלי נודע ומפורסם בטוב טעמה, וריחה, וזך מראי׳ וביתרון הכשרה, (כי כל הפועלים והעוסקים בהזאוואד המה מאחינו, כשרים ונאמנים, וכל זר לא יבוא אל הבית בלי שומר) כאשר יעידון ויגידון, הרבנים הגאונים והצדיקים, הרבנים המו״ץ דק׳ הוראדנא ואחי״ו ה״ה מרן ברוך מרדכי ליבשיטץ זללה״ה האבד״ק שעדליץ, ה״ה מרן אלי׳ חיים מייזיל שליט״א האבד״ק לאדז, האדמו״ר ר׳ גרשון העניך זללה״ה מראדזין, הי״ה מרן יוסף דובער הלוי זללה״ה האבד״ק בריסק, ה״ה מרן חיים הלוי סאלאווייצקי שליט״א האבד״ק בריסק ה״ה מרן יצחק אלחנן זללה״ה האבד״ק קאוונא, ה״ה מרן שלמה כהן שליט״א המו״ץ דק״ק ווילנא, כל הקונים יוכלו לקבל היי״ש פסח בקבוקים בני 1/10 1/20 הין, מהזאוואר שלי מוכן למכירה ישר לידיהם. גם בעלי בתים הקונים לעצמם, יוכלו להשיג ישר מזאוואד שלי, כן נמצא אצלי יי״ש ישן, ומנוקה (אציש־צינע) הדורשים יפנו אלי ככתובתי:

**Б. Г. ЯФФЕ, Гродно.**

נאום דובער בהגאוי מוה״ר מרדכי גימפל זללה״ה יפה.